אומעטום פּאַסט דער ביוסט דיינער, אויף איטלעכן שטאָטישן סקווער,
ס'פּנים דיינס, איז היימלעך ווי אין אַלע שטעט און טרויעריק ווי אין אַלע שטעט,
כאָטש דו ביסט שוין מער נישט פון פלייש, נאָר פון גיפּס און בראָנדז.
אַן ביין אַזוי, אַן בלוט אַזוי, ביסטו שטאַרקער ווי אייזן, ווי קופּער ;
וואונדערלעכער פון איטלעכן וואונדער און האַפּטיקער נאָך ווי פליש.
פליש קען גרינגער שטאַרבן ווי אַלץ, אפילו ווי גיפּס, ווי בראָנדז.

אַז מ'קוקט לאַנג אויף דיר, רירסטו זיך ווי לעבעדיק פון אָרט.
אַסך מאָל נעמסטו זיך באַוועגן ווי אַלע מענטשן,
און פון ביסל גיפּס, פון ביסל בראָנדז הויבן זיך אויף די וויעס.
די האָר אין ווינט בלאָזן זיך אויף ווילד, אין אַסיען ערגעץ אין ווין,
גייסט אַ געבויגענער אויף גאַסן, דורך שווערן רעגן, מיט אָפענע פּאָלעס,
נאַס, אַלטמאָדיש און טויב, מיט אַ פאַרקלערטן פּאָרטפעל און אַן אַ פרוי,
הונגעריק און אָפּגעלאָזן, אָנגעטאָן אין די קליידער נאָך פון באָן.

אַז ס'גייט אויף די זון און רירט זיך צו צו דיין ביוסט,
איז עס נישט סתם אַ זון, וואָס שלאָגט אָפּ אויף אַ צופעליק געזיכט ;
קעגן איר מונטערסטו אויף, פריש און פרילינגדיק, ווערסט פּאַסטוראַל.
שטייסט קיל אויף אַ פעלד וואו, לעם אַ בוים, הינטער אַ גערמאַניש דאָרף,
תפילהדיק, מיט אַ פאַרביסענער פעדער אין מויל, איבער דיר אַ העלער הימל,
וואלד־פייגל, סלאַווישע פרייד פון אַ ווייטער דאָרפישער חתונה,
מיט שכרות פון טענץ און צעלאָזטער ווילדקייט פון פויעריש לייב.
דערנאָך ברעכסטו אויס מיט דונער, ווערסט וואַלקנדיק מיט ווינט און רעגן.

פונם גיפּס און בראָנדז רייסט זיך אָפּ לעאָנאָראַ מענעריש געקליידט.
זי גייט קלוג צווישן קוסטעס, גנבענען איר געליבטן פון אַ שפּאַנישער תפיסה.
אירע טריט זענען פאַרזיכטיק שטום, מיט שווערער אימה שלאָגט דאָס האַרץ ;
געהאַלדזטע קערן זיי זיך אום פון אַ קרימינאַל פענצטער און אַנטלויפן אין שרעק.

אויפסנייַ צעפאַלט פונם גיפּס די בענקשאַפט פון אדאגיא אין דער ניינטער . . .
באַוועגסט ווייך די טשעלאָס און צעפירסט די ערד מיט טרויער,
גיסט פאַרביק אויס דעם געגאָד דיינעם צו אַלע מענטשן,
און רופסט ברידערלעך די תפילות פון אַלע טאָג צו דער טאָכטער פון עליזעאום.

## אינהאַלט:

## שטרעקעס :

## ב ר ו כ ו ו ע ר ג

**אינם בארטן**

אויף שטיינערנע דילן ליגן שווערע שטריק מיט שטאָלענע אַנקערס;
קאַסטנס, באַלן און הויכע שטויסן געפּאַקטע זעק.
ס׳ליגן אָנגעוואָרפענע קופערטן מיט רייכע מעשענע שלעסער,
נאַפט־פעסער און גערייפטע הילצערנע פעסער מיט אייזן־באַטאָן,
און פון די ווענט שלאָגט קילער ריח פון אויסלענדישע סחורות.

ס׳ציען ברייטע לאַסט־שיפן פון שערבורג און פון האַווער,
מיט טונקעלע, פראַנצויזישע געזיכטער פון יונגע מאַטראָזן
וואָס זענען פלינק און האָבן גרינגע פיס צו קלעטערן אויף הויכע שטריק.
פון שטענדיקן פאָרן, וויסן זיי סמנים פון וואָלקנס, שטורעמס און רעגנס,
און קענען רופן סיגנאַלן באַנאַכט אין ווינטן אויפן ים.

פּאַליאַקן, נעגערס, איטאַליענער און שטאַרקע יידן לאָדענען סחורות;
זייערע אַקסלען טראָגן שאַרפע האַקנס, אויף די לענדן אָנגעהאָנגען בינטלעך עסנס,
די קליידער זייערע, לעדערנע פאַרטיכער, האַרטע שטרוקסענע העמדער.
די שטאַרקסטע זענען די, וואָס האָבן געשפּאַנטע בייכער, פעסטע הענט מיט דיקע פינגער;
די הויטן פון זייערע פינגער זענען צעריסן פון שטריק און צענאָגלטע קאַסטנס,
און זענען געל, גראָב, אָפּגעשיילט ווי קלאָען פון פערד.

פרעמד־לענדישע שיפן פאַראַנקערן דעם באַרטן און שפּאַרן פון זיך די וואַסערן אין ווינט.
ס׳שטייגן אָפּ אויסלענדישע געזיכטער, גערמאַנען און יידן מיט אָנגעשראָקענע קינדער,
זייערע קליידער זענען באַהאָנגען מיט אָנגעטשעפּעטע נעמען צו אַ קרוב, צו אַ גאַס,
און די פּנימער שטומען הינטער שטאַכעטן, הינטער שווערער קעלט פון גראַטעס, —
גראַטעס פון דיסציפּלינריטן פחד, פאַר מונדירן און שטרענגן קאַלענדער־גורל.

אויף שטיינערנע דילן ליגן שווערע שטריק מיט שטאָלענע אַנקערס;
היימישע קוישן מיט אָנגעוואָרפענע זיגלען פון גרעניצן און לענדער.
אינם באַרטן גלאַנצט דער ברוקיר, אויסגעווינטיקט פון טריט און פראַכט־וועגעלעך.
פונם האַפן נעפּלט טונקעל דער וואָקזאַל, שויבן ווערן אָוונטיק שווער,
און פון די ווענט שלאָגט קילער ריח פון אויסלענדישער סחורה.

## שטרעקעס

### מאַטראַזן

מאַטראַזן האָבן אַ האַרץ, וואָס בענקט נאָך באַנען, מענטשן און שטעט;
זייערע אויגן האָבן אין זיך די ווילדקייט פון ים, ווייטקייט פון לענדער.
פּאָר בענקשאַפט — הענגען איבער זייערע בעטן בילדער פון האַפן־שטעט,
פאָטאָגראַפיעס פון אַ לאַכנדיקער מיידל וואָס איז קלוגער פון אַן עלטערער שוועסטער,
און די מאַטראַזן איז גרינג צו טראַכטן, אויפן גלעלעגער ווען ס׳ליגט וועררט האַרט,
פון געבלומטע זאַקנבענדלעך אויף יונגע קני, וואָס שלאַנקען אומרואיק,
און פון פעסטע קאָרסעטן, וואָס מאַכן בריסטיק די צייטקייט פון אַ מיידלס לייב.

ערגעץ אויפן ים, זילבערן זייערע פּנימער דער לבנה אַנטקעגן אין אַ יום־טוב נאַכט;
אויסגעזעצט אויפן דיל אין ווייסע מאַרינאַרקעס, מיט די פיס פאַרלייגט ווי כינעזער
און מיט צעפּלאַמטע ליפּן, האַרט איינער דעם אַנדערן אַרומגענומען ווי אַ פּרוי,
ס׳רייסן זיך פון זיי נגונים דורך הייזעריקער לופט. דאָס געדעכעניש צו אַ מאַמע,
וואָס גייט אַרום געבויגן מיט שווערע קוישן אויף ביידע אָרעמס,
האָזירן איבער פרעמדע האַפן־שטעט, די אויגן אויפגעהויבן צום הימל,
און זוכט ס׳פּנים פון אַ זון, פון אַ טאָכטער אין אויפגעהויבענעם רויך פון שיפן.

מאַמעס פון מאַטראַזן זענען שוואַכע, נידריקע, וואָס צערטלען די ערד מיט זייערע טריט,
און האָבן אַ טבע צו געבן דער וועלט שטאַרקע זין, געזונטע טעכטער;
די מאַנסבילן זייערע — הויך און ברייט מיט האַריקע הענט,
שווערע, רויטע נעז, בייזע ברעמען און האַרטע, ווילדע בערד.

מאַטראַזן האָבן אַ האַרץ, וואָס בענקט נאָך מענטשן, באַנען און שטעט.
אין די שטעט שפּאַצירן זיי אויסגעפּוצט אין רונדע, ווייסע קעלנער,
בלאָע מונדירן און ברייטע, לאַנגע הויזן אויף קליינע פיס.
מיט דער ווילדקייט פון ים גלוסטן זיי צו מיידלעך מיט שעמעוודיקע אויגן,
וואָס זיצן טיף אין שויס, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און ציטערן מיט די קני.

הענט וואָס אַנקערן שיפן, ליגן שווער אויף אומרואיקע מיידלשע היפטן,
אויף הייסע אַקסלען און ענגע דעקאָלטן פון וואַרעמען, דורכזיכטיקן זייד;
ווילדע קושן נאָגן די וואָרצלען פון זייער בוזים, די פינגער פון די הענט,
און קילן דעם בלענד פון זייערע קני אין אָוונט־שאָרך פון יולי־בלעטער.
און ס׳בלוטיקט די רייפקייט פון שיינע טעכטער אין אַ האַפן־שטאָט.

# ב ר ו כ ו ו א ר ג

מיין גאָס. — שיפּסהעד בעי —

רעגן. טונקעלע נאַכט.
ווינטן שווענקען אַפּ דעם רעש פון שווערער נעץ.
רינשטאָקן רוישן מיט שנעלן אַפּפלוס איבער נאַבעלן אַספאַלט.
אויף נאַסן טראַטואַר גלאַנצט פאַרביק אָפּגעשלאָגן ליכט פון אויסלאָגן.
אָוטאָס טראָגן זיך מיט געשווינד, גליטשיק און גרינג.
נאָך די רעדער יאָגט אויפגעבלאָזענער שוים.

רעגן. שאָטנס פון אָפּגעשטאַנענע ביימער אויף אָוונטיקע שויבן.
ראָסטיקע פעלדער מיט אָנגעוואָרפענעם ברוכוואַרג,
און באַן־שינעס מיט שטאָלענער ווייטקייט.
אויף אויסגעווייקטע שטרעקעס בלאָטיקן פוסגייער,
פישערס מיט פאַרוואָרפענע וועגנטקעס אויף אַקסלען,
אין האַרטע רעק, מיט פאַרלאָפּענעם רעגן אויף נאָענטן געזיכט.
פון די געסלעך יאָגט שטילע פאַרע און רירט דעם פראָסט פון די שטיינער.
שטיקער אייז ברעכן זיך נאָכגעביק אונטער די טריט.

פון פישער־האַפן שמעקט נאַסער קוילן־גריז, סמאָלע און צוגעפוילטע קלעצער.
אַ פאַרלוירענער ים־פויגל באַוועגט די שפּעטע טונקעל פונם ברעג.
אין די פישער־בודקעס טליען טריבע לעמפּלעך, בסלודיקע נעכט,
בלעכענע באַליעס מיט אָנגעקלעפּטן בלוט.
טשערפּקע־הענט קלאַפּן שווער מיט נאַסע שערן און לאַנגע, ברייטע מעסערס.
שנעקעס מונטערן זיך אויף אייז, און קלעטערן גרינג איבערן ראַנד פון קויש,
ס'שווימען פיש, רואיק און סאַרטירט ; פּיאַווקעס — שלאַנק און שוימיק,

רויע פישערקעס, דורכגענומען פון זאַלץ און ווינט, קעלט און קאַווע,
מיט לאַכעדיקע פּנימער, און געשפּאַנטע בריסט פון וואַרעמע דעקאַלטן,
שייערן די פיש־קלעצער מיט קאַלטן וואַסער און פאַרלעשן די בודקעס.
שיפן ציען אַפּ אין דער פינצטער פון אָוונט־באַרטן און צעוואַרפן די וואַסערן.
די כוואַליעס נעמען אַפּ ס'ליכט פון מיטגענומענע לאַמטערנס,
און צעשוימען דעם ברעג, שטויסן די שיפן פון די אַנקערס.

## שטרעקעס

### באַן־גנבים

ווייטקייט פון באַנשינעס שלאָגט אָפּ מיט קאַלטן ליכט פון סיגנאַלן.
צעהייצטע לאָקאָמאָטיוון רוישן מיט שטענדיקע רויכן און גראָבע פונקען.
פון די ווילדע, רויטע רויכן זעצן זיך טריבע אָוונטן אויף שכנישע שויבן.
און אויף די שויבן שאָטענען־אָפּ געבויגענע שטרעקעס פון טיפע וועלדער
מיט אָפענע לאַסט־ציגער, ברעטער, קוילן און ערדעפּל פון ווייטע שטעט.

מאַמעס, טאַטעס, לאָקערן אויף טונקעלע וואַגאָנען נאָך ערדעפּל, נאָך קוילן.
פון האַרטע זעק האָבן זיי אַראָפּגעזעצטע רוקנס; פון גנבענען — ציטערדיקע הענט.
און שווערער נאָך איז די שרעק, ווען זיי טראָגן זעק שוואַנגערדיקערהייט,
צו זייערע טריבע שויבן מיט רויטן ווילדן רויך פון פאַרבייאיקע ציגער.

אין די שטיבער ברייטע בעטן און הייליקע בילדער, שווערע פּאַרע פון געקאָכטע עסנס.
ענגע שטיבער; אין ענגע שטיבער איז די גלוסטונג שטאַרקער, הייסער.
אין אַזאַ שטוב קען מען גרינג זען אַן אויסגעטאָן העמד פון אַ גרויסער שוועסטער. —
שוועסטערס, וואָס טראָגן אַרום פאַרטאָג בלויע אָקסל צוויין פון באַנערס;
ס׳לייב זייערס איז שפּעדיק צו קינדלען, אַן ווייטיק אויף אַ צופעליקער גאַס.

באַן־יינגלעך, פון קוילן און שלאַכט־הייזער, פון טאַרטיגעס און פראַכט־וואַגאָנען,
אָנגעטאָן אין קליידער פון שטאַרקן צייג, ווייסן בלויז פון שטעקנס און שטריק.
גלאָז, בלעך און שטאָבעס קענען שוין מער נישט צעקאַליטשען זייערע הענט;
די באָרוועסע פיס זענען אויסגעטראָטן האַרט אַז זיי בלוטיקן נישט מער.

אומעטום וואו זיי וואוינען, שטייט מאַריע באַם וועג, מיט יעזוסן אויפן אָרעם,
איינגעמויערט אין אַ גלעזערנעם געזימס, און ליכטיקט באַם נר־תמיד.
פאַר גנבים אַזעלכע איז די מאַמע מאַריע פול מיט דערבאַרימקייט,
פאַר איר דאַרפן זיי נישט וויינען; זייער וידוי איז ריין ווען זיי זענען זיך מתודה.
גנבים האָבן נישט קיין פאַלשע תפילה; אַז זיי בעטן שוין איז זייער תפילה אַן אמתע.
אויף די זינד פון באַן־גנבים קלאָגן אָפּגעטער אויף שטרעקעס, ווינטיקע פעלדער.

## ב ר ו כ ו ו אַ ר ג

אויפן אינדזל פון גראַטעסק

ס׳נענטערן ווייטע לענדער. שיפן, מיט טונקעלע פענער פלאַטערן פרעמד,
און ציען מיט פאַרזיכטיקע פלעמלעך דורך קילער וואַסערדיקער שרעק.
אויפן ברעג שאַטנט אָפּ ס׳ליכט פון זומערדיקע לאַמטערנעס, פאַרב פון שפּאַציר, —
לייכטע דאַמען־טריט מיט לייוונטענע שיך, ווייסע שטרויענע היטן.

אויפן וואַרעמען זאַמד, קען מען נאָך זען שפּורן פון אויסגעבאָדענע פרויען,
און פאַרליבטע יונגען אין שפּעטן גלוסט.
ים — ווייבלעכע אַנטבלויזונג פאַרלויפט זאַלציק און רויט;
רויע לופט מאַכט קאַליע דעם טרוקענעם ריח פון פּערפום,
און ס׳שמעקט פאַרשכורטע פרישקייט, הימלעכער לוסט צו ראַנדעוואוס.

אַז אויף די וואַסערן שרייט די פינצטער פון אַן אָפּגייענדיקער שיף
העלן אויף פייערן איבער זאַמד, ווי אינדיאַנער נעכט;
און ווי בײַ אַ אינדיאַנער — קאָלירן געזיכטער פון שפּעט־באָדנדיקע.
נאַסע פרויען־היפטן רינען אָפּ זאַלציק אין האַרטע מענערישע אָרעמס.
און דורך נאַסע קאָסטומען רייסט זיך דורכזיכטיק איטלעכס גליד.

אותיות פון עלעקטרישע שילדן, שפּיגלען אומגעדולדיק אָפּ אויף נאַענטע כוואַליעס;
דיקער שוים צעשווינדלט די אָנגעצונדענע שריפט.
ווילדע פּאַנאָראַמעס רוישן מיט געפּעכט, ווי ווינט־מילן
און אינם ווינט — מיידלשע קולות, צעבלאָזענע צעפּ, שכורע האָר.

בלענדעניש, וואונדער פון פאַרשאָלטענע שבטים, דאַמען אויף דראָטן.
הייסער דזשעס טרייסלט גלוסטיק די ווילדע בריסט פון נעגערטעס.
ס׳זיצט אַ פאַרלייגטער סולטאַן אין אַ מיידל־רינג, געקליידט אין פייגן־בלעטער.
פון זייערע האָר שמעקט קטורת און בשמים.

סוף חודשדיקע לבנה רירט לאַנגזאַם די אָונטיקע ווייטקייט פון ים,
און גענענט שאַטנדיק אויף אַ שפּעטער פרוי וואָס וואַשט נאָך אירע האָר
און אויף אַ יונגער וואַר־זאַגערן, וואָס לייגט קאָרטן אויף אַ שויס פון אַ מאַטראָז.
איטלעכעס מאָל הילכט אָפּ אַן אויסלענדישער קלאַנג פון רייד און פרעמד געלעכטער.

# שטרעקעס

## ערד

טיפע שטרויענע דעכער טאָגן אויף אין גאָלד דער זון אַנטקעגן.
ס'שמעקט פון שטאַלן, פון רויען ווינט און האַרט צעאַקערטער ערד.
פויערים אין שוויס, הילכן די בייטשן איבערן שפּאַן פון אַקער.

אַז די זון איז הויך, ליגט די ערד מיד, אויפגעלייגט, און פעט
באַרוועסע פויערטעס ליגן שווער מיט די בוזימס אויף צעקרישלט פעלד
און קילן זייערע בריסט אַן דער צעאַקערטער ערד.
פון זייערע האָר פייכט אָפּ דער טוי, נאָך פון פאַרטאָגיקער ראָסע,
און אויף די שויסן פאַלדן זיך די קליידער, וואַרעם און דורכזיכטיק.

פערד. בלאַטיק שיילן זיך די קלאָענס, פעלן שוידערן אויף פון מיסטיקע פליגן ;
און ווילד שאַרכט דאָס היי צווישן זייערע ציין ;
פון די צונגען רינען־אָפּ די צוימען מיט זאַטן שוים.

האַלבער טאָג ציט־אָפּ דעם נעפּל פון די פעלדער, די ערד איז מילד און נאָכגיביק.
געבויגענע שיקסעס, מיט זאַמען אין די פינגער, רייצן די שפע,
און די ערד גייט־אויף חודשלעך אין שווערע וויגנדיקע זאַנגען.
ס'ווערט רייף דער דראַנג נאָך שניט, בינטן בראַנדיקן אונטער שקיעה,
און גערן פאַלן די קערנער אונטערן דרעש.

רעגן. די ערד פרישט אויף דעם אינגעווייט און קוויקט די בליטן,
קנאָספּן עפענען זיך ווייך נאָך ליכט, פויערטעס אויפן רעגן פליקן ווילד־גראָז,
און פון דורכגעווייקטע בלוזעס פאַרן זייערע רוקנס מיט יונגן ריח.
קרייטעכצער לויפן־אויף וואונדיק, פון איטלעכן בליטל פאַלט רעגנדיקער גענאָד.
דאָרפישע פענצטער צוקן אויף תפילהדיק, און בלאַנקען ווי פאַרנאַכטיקע פעלדזן.
גרינגע יאָגן פערד אויף בין־השמשותדיקע לאָנקעס. צוזעענדיק — טונקלט די ערד.
הינטער וואַלד — טעמפּיקע קלויסטער־גלאָקן, מאַלצייט הינטער ליכטיקע שייבלעך.

האַפּנס

פֿאַנצערס פֿון גייענדיקע שיפֿן צעשלאָגן די כוואַליעס אין שוים און צערודערן די באָרטנס,
שטריק מיט געאַנקערטע שיפֿן רירן די ברעגן.
האָפּנס רוישן מיט אָפּגעריסענע קלעצער פֿון הילצערנע ווענט;
און אויף די קלעצער גרינט שוימיקער מאָך, ווילד און קיל.

צעהייצטע קעסלען בריען אויס היץ אויף הוילע לייבער,
די הויטן גלאַנצן, ווי אָפּגעברענטער קופּער און שלאָגן אויס מיט בראַנד.
זיי וואָס פֿאַרוואָרפֿן שטריק ווילד אין שטורעמס און פֿאָכן הויך מיט סיגנאַלן,
טראָגן נעפּל אין די אויגן, ווינטן אין די געזיכטער, און שמעקן פֿון זאַלץ.

פֿון די האָפּנס רויכערן פֿאַרנאַכטן; פֿאַנען פֿלאַטערן מיט פֿרעמדע ערגעצן.
אויף די ברעגן לעשט זיך די שקיעה, און שוועלן דרימלען אין אָפּפֿאַל פֿון
אויסלענדישער סחורה.
אָנגעצויגענע שטאָפּלען צעצינדן זיך מיט גרין־רויטן ליכט איבער אָוונטיקע וואַסערן,
און ס'שרייען קוימענס פֿון שלעפּ־שיפֿלעך, מיט שאַרפֿער פֿאַרע דורך נעפּל.

טיפֿער אָוונט. הייסע פֿינגער פֿון טונקעלע מאַטראָזן ציטערן אויף מאַנדאָלינען.
שעפּאָן־קליידער הויבן זיך לינד אין ווינט, מיט ווייסן בלענד פֿון מיידלישע קני.
אויף זייערע שויסן וויגן זיך וואַרעמע מאַטראָזן מיט גלוטיקע ליפּן שוים,
און לבנהדיק פֿליסט בלאָס דאָס וואַסער, ווי זילבער־זייד אין דינע פֿאַלדן.
טענץ פֿון שיקסעס און מאַרינער, טרייסלען אָפּ צעלאָזטן ריטם פֿון הילצערנע סאַנדאַלן.

ריח פֿון פֿריש געקאַכטער קאַווע, עפּנט פֿאַרטאָגיק די טויערן פֿון די באָרטנס.
ווייטקייט, שיפֿן און רויך נענטערן מיט סוחרים און לענדער.
וואַסערן הויבן זיך ווילד און שפּאַנען די ברעגן;
שטריק, פֿאַלן וואַגיק אויף פּראַכט פֿון העק און צעריסענע הענט;
האַריקע ברוסטן פֿאַרלויפֿן מיט שוייס, און אויף פּנימער ברוינט די זון.

איבער קילן וואָקזאַל — פּערפֿומירט ווינט פֿון דאַמען און הערן.
נעגער בליאַסקען מיט מעשענע קנעפּ, און ס'רוישן די דילן פֿון שאַפֿרן.
אין אַ יעדער האָפּן־שטאָט, שטייען שיפֿן אויף אומרואיקע אַנקערס און רויכערן
מיט פֿאַרנאַכטן.
אין די נעכט, זינגען מאַטראָזן אויף ראַנדעוואָוס.

## ש ט ר ע ק ע ס

### באַנען

באַנען אויף ווייטע בריקן איבער אָונטיקע שטרעקעס
ציִדן זיך, ווי פענצטער באַנאַכט אין גרויסע שטעט.
באַנען ציִען שטענדיק לעם גאַז־פעסער, לעם שטויסן אָפּגענוצטע קלעצער.
ווירפל־שטיינער ליגן פּאַרזיכטיק צעשאָטן אונטער שינעס,
און האַלטן טרוקן די ערד פון אויל־רעדער.

גוים, וואָס קענען בייגן ס׳געזיכט נאָענט צו פייער
און קענען ווייזן אָפענע אויגן אין ווינטן, הייצן לאָקאָמאָטיוון.
זייערע פנימער זענען האַרט און ברוין פון רויך און פלאַם
אָפּגעטראָגן פון רעגנס און הוילע קעלטן.
פאַר זייערע אויגן לאָקערן שטענדיקע פעלדער, סיגנאַלן און טעלעגראַפן.

ס׳איז אומהיימלעך אין פאַרנאַכטיקע דערפער וואו ס׳פאָרן דורך באַנען.
רייזנדע קוקן גרויס־שטעטיש פון די באַן־פענצטער.
פון שפּייז־וואַגאָנען בליאַסקט רויש פון געשיר.
און וואַרעמע העפלעכקייט פון קעלנערס צווישן עלעגאַנטע עלבויגנס
וועקן בענקשאַפט בא באַרוועסע פויערטעס, וואָס שטייען יונג אויף פעלדער.
די קליידער זייערע פאַרבן זיך שקעיהדיק, שפּיצן באַרירן הייס די קני.
אין אָוונט פון באַנשינעס וואַקסן אויס פאַר זיי שטעט,
ווינשענקען און האַריקע ליפּן פון זעלנער.

אַז שנעלציגער לייגן פאַרנאַכטיקן רויך אויף שטילן שטרוי פון שפּעטע דעכער,
שטייען קינדער צעשטעלט פריש אויף לאַנקעס מיט לאַכעדיקע פנימלעך,
און פאָכען מיט שווייגנדיקע הענטלעך צו באַנען ביזן לעצטן רויש אין דער ווייט.

ווינטער זיצן זיי אויף וואַרעמע פענצטער, אין הוילע העמדלעך
און שרייבן מיט די פינגער אויף פראָסטיקע שויבן.
פאַר די פענצטער ברעכן זיך שאַרף די יונגע, היימישעביימער אין קעלט,
און באַנען מיט שנייאיקע דעכער איבערטראָגן זיך צו ווייטע שטעט.

# ב ר ו כ ו ו אָ ר ג

## פישערס

הויכע, שטייפע לייוונט־זעגלען, אָנגעצויגן אויף פישער־שיפן,
קירעווען זיך גרינג, נאָכן בלאָז פון ווינט אויף ווילדן וואַסער.
אויף ווילדן וואַסער, גיסן איבער די כוואַליעס
און שלאָגן די פישערס מיט שוים און קאַלטן האָגל.
דורך זייערע קליידער ציען פוילע ים־ווינטן,
און די צווישן־פינגער רינען אָפּ פון געזאַלצענע פיש.
די טריט זייערע זענען שווער מיט צוגערירטן פראָסט;
טרוקענע קעלטן באַנעצן זייערע אויגן; די ווייס פרירן דין.

פישערס ציען אויף פאַרוואָלקנטע וואַסערן,
אונטער נידעריקן הימל דורך שווערער נעפּלדיקער ווייט.
אָנגעגורט מיט שטריק, נאַסע אָנקערס און פאַרלאָפענע סיגנאַל־לעמפּלעך.
און צעמאַנטלען דעם אָפּגרונט, שטויסן די פיש צו די ברעגן.
אין פאַסטקעס רוישן צאַפּלדיקע פיש,
שאַרפע נעגל־פינגער לעשן אָפּ די פרישקייט פון זייערע אויגן.

אינם באָרטן שטייען די שיפלעך צוגעטשעפעט צו הוילע הילצערנע פעסער,
און הויבן דעם וואַסער־פלאָך.
לעדערנע קליידער און ראַסטיקע בלעכן טרוקענען פאַרנע אין דער זון,
און טאָפּיען אָפּ מיט זאַלץ־טראָפּנס.
אויפן ווינטערדיקן פיש־פלאַץ שרייט דאָס אייז פון די באַליעס.
ראַקעס און מושלעס שמעקן מיט צוקנדיקן פראָסט,
און שויבן בלאַנקען העל קעגן אַ גרינגער לבנה.

אין די פנימער פון פישערס, אין די פנימער פון פישערקעס,
היצט בלוט און פלאַמט אויף אין פראָסט פון צעיאָרזשעטע פייערטעפּ.
סקריפּען געקאָוועטע פורן מיט איבער־געגאָסענע אייז־קאַסטנס און וואַסער־פעסער.
אויף די אָקסן פראָכן די רעדער שטאָליק אין האַרטן שניי.
זאָווערוכעס וויגן זיך ווייס אויף שילדן, און ברעכן די טריט פון די פערד.

## שטרעקעס

שיקסעס אויף די פעלדער שטייען געבויגן אין דער זון,
מיט ברוינע בריסט אין גראָבע לייוונטענע העמדער.
קאָסעס שלאָגן מיט היץ אויף באָרוועסע פיס;
אויף די שאַרפן בלאַנקט די זון אַ געשפּאָלטענע.

גראָזן שלאַנקען נאָך איטלעכן רעגן
און ציטערן אין ווינט פּאַכיק, ווי גרינער פּליוש;
די וואָס וויגן זיך מיט געבויגענער רייפקייט, לייגן זיך זאַט אונטערן שניט.

די ערד איז אָנגעדראָלן מיט קערנדיקע זאַנגען,
די ערד איז בראַנדיק פון צופיל זון.
פויערטעס מיט אָפּגעברענטע דעקאָלטן, בינדן געשפּאַנט די בונטן.
ס'זינקט דער מערב אין שקיעה, האָריזאָנטן פאַרלויפן מיט בראַנד,
און אויף לאַנקעס נעמען טונקעלן יונגע פערד, —
פערד וואָס רייצן יונגען לוסט פון רייטנדיקע שיקסעס,
און אַנטרינען מיט זיי גרינג אין אָוונטיקע שטאַלן.

הימלען צערינען אויסגעשטערנט איבער וואַלד,
און שלאָגן אויס קלויסטער־קלאַנגען דורך וואַרעמע ציפּערבלעטער,
עכאָס פון ערגיצדיקע הינט צעבילן ס'דאָרף.
לייבער נענטערן זיך און פאַרלעשן די פענצטער.

אַז ס'טאָגן די פעלדער, הויבן זיך נעפּלען פון די וועגן;
דעכער ווערן שווער מיט ראָסע, און ס'פייכטן די ביימער.
טוי־טראָפּנס זאַפּטיקן די אויבסטן, זילבערן דעם אויפגאַנג,
און דערפרישן אַ זאַטן וואָרעם פון אַ גרינעם בלאַט.
געשניטענער היי־ריח טראָגט זיך טרוקן איבער פעלדער,
באַן־שטרעקעס פאַרשווינדן מיט ווייטע שנעלציגער,
און פאַרווישן דעם מאָרגן מיט רויך, ווינט; נאָך די רעדערווירבלען בלעטער.

## ב ר ו ב ו ו [illegible] ר ג

האַרבסט. די לופט איז שאַרף מיט ניס־בלעטער, מיט סכאָך־ביימער,
און די ערד צערט געל, סכותדיק האַרט; האַרבסטיק ברעכט זיך דער פלאַך.
אַנגעיאָגטע ווינטן פון טעלעגראַף־דראָטן רייסן ווערבעס פון אונטער די פענצטער.
פאַר די שטיבער ליגן ווינטערדיק, סאָרטירטע שטייסלעך האָלץ,
אַמאָל קאָפּעט פון זיי רעגן, אַמאָל רירט פון זיי דער פראָסט.
קעלטן רייצן אָן אויף זיי פלאַמען מיט געשמאַקע רויכן, —
רויכן וואָס שפּרייטן זיך נידעריק איבער פאַרקלערטע כאָטעס, היימלעך אין אָסיען.

אויף פעלדער פראָסטיק די לבנה אין אַ שנייאיקער נאַכט,
און געשאָסענע פייגל רינען אָפּ מיט בלוט אין אַ ווינטער־נאַכט.
יאַגד־פערד וויכערן אויף שטראָזן און איבער הויכע פעלדער שניי,
די פעלן זייערע פאַרען מיט אַנגעיאָגטן שווייס, די צוימען מיט הייסן שוים.
יעגער, אַנגעשפּאַרנט אין פעלצן און אין קאַלטע ביקסן,
גאַלאָפּירן מיט וועלפישע הינט פאַרויס אויף ווילדן שניי,
אין ווייסער קעלט, דורך טעלעגראַף־שטאַנגען און באַן־שטרעקעס.

## ש ט ר ע ק ע ס

### שיפסהעד בעי

אזא טבע בא דיר שיפסהעד־בעי שטענדיק, אין נאָוועמבער, אין דעצעמבער.
באַנאַכט עפנסטו דיך כסלודיק, זאַלציק און פויל, מיט אַ שווערער לופט.
ווילד שפּאַרסטו די שכנותדיקע שויבן מיט פאַרלאַפּענער נעץ וואָס רינט
און אַז דו נעפּלסט, ווערסטו שענער פון אַלע גרויסע שטעט.
כאָטש אין דיר איז נישט פאַראַן קיין גאַרנדיקע הייזער, הענגענדיקע בריקן,
נאָר קעלט פון מאַכיקע קלעצער, פון לויז־הילצערנע ברעגן,
וואָס ברעכן זיך איבער פון פישער בודקעס און אָפּגעשטאַנענע פישער־שיפן.

צו דיינע פאַרנעפּלטע נאַכט־הייזער נענטערן נאָבעלע געסט פון אומעטום־שטאָט.
פרויען מיט אויסלענדישע געזיכטער און מיט געזונטע הויכע פיס, שטייען פאַרן שענקער
און קלאַפּען מענעריש מיט פויסטן אָן טיש נאָך הארבן בראַנפן, נאָך בודווייזער־ביר.
די אויגן זייערע גלאַנצן קליין; ס׳קנייטשן זיך די קליידער פון לייכטן שכרות.

אין לייטישן „לאַנדי־סאַלאָן" — וואו נעגער־קעלנער שטייען עלעגאַנט און געהאַרכזאַם,
מיט סערוועטן פאַר איטלעכן גאַסט, און גיסן קילן שאַמפּיין, ראָזעווע „קאַקטייל" —
שלאָגט היימלעך ליכט דורך פאַרצויגענע ראַלעטן; פאַרהאַנגען רירן זיך פון רויש
און פלוישן אין פאַרביקן דורכזיכט, מיט נייגיר און וואַרעמען געלעכטער.

באַנאַכט, ווען דיינע ברעגן רייסן זיך נאָכן מינדסטן טרייסל פון אַ געאַנקערט שיפל
וואָס וואַרפט פון זיך די פינצטער אין שוים, און פיש גליטשן זיך ווילד פון פישער הענט,
וואַרטן סוחרים אין לעדערנע קורטקעס מיט צוגעגרייטע פעסער, קאַסטנס און קוישן.
די קליידער אויף זייערע אַקסלען גלאַנצן אַזוי, ווי בא די יונגען פון דער וואַליע,
און די הענט זייערע טרוקענען אויך פון בלוט און זענען קלעפּעכדיק פון שליאַם.
די פינגער פראַסטיקן אויף שווער און געשוואָלן, ווי פיש וואָס שטייען־אָפּ אין קעלט.

## ב ר ו ע ו א ר ג

א שאָד, וואָס צעבלוטיקטע שערן, מעסערס און באַשלאָגענע קלעצער, באַרוישן
דיינע ברעגן,
און הינט ראַיען אַרום אין די פישער־בודקעס, קוקן גריג אין די הענט נאָך דרויבעס.
אַ שאָד ; אַז נישט וואָלסטו שענער נאָך געווען ווי די האַפנס באַם אָוונטיקן האָדסאָן,
ווייל אַז דו ווערסט כסלודיק, און אייז ברעכט זיך האַרט פון נאָסער קעלט,
זיכטיקט די שטילקייט דורך אויסגעבלעטערטע צווייגן, ווי אַ שוואַנגערדיקע לבנה,
אין נעפּל לייכטן אויגן ווי גלאָז, געברענטע קאַשטאַנעס שמעקן שאַרף און ווייט,
און אַן אויפגעלייגטער מאַנסביל זוכט אַ שלאָפצימער אין די אָרימס פון אַ
באַזאָפּענער פרוי.

# שפּרעכעס

חאַפּן מיידלעך

קלוג איז דיין שלאַנקער פּוס, אַנגעצויגן מיט אַ הייסן זאַק.
דיין שמאָלער גוף, פעסט אין שטייפן אַטלאָס איינגעצויגן.
ווי עכט, זעען אויס דיינע געמאַכטע ראָזעווע באַקן,
די ליפּן דיינע מיט פּאָמאָדע מסוגלדיק צוגעשמירט.
און שמעקסט מיטן ריח וואָס אַ מאַן האָט ליב.

פאַראַן אין דיר אַזויפיל גלוסטונג, אַזויפיל בענקשאַפט נאָך ראַנדעוואוס.
בענקסט נאָך די שטאַרקע הענט פון אַ מאַטראָז,
נאָך זיינע הייסע מעשות פון ווייטע לענדער,
אין וואַרעמע יולי־נעכט לעם אַ גיו יאָרקער האַפן.

דו, וואָס ווייסט פון שכרות און לוסטיקע נעכט,
פון ווינקעלערס און מענערישע שויסן,
קענסט מער נישט האָבן דאָס האַרץ צו זיין אַ מאַמע.

צלמים:

## נאָנעס

פאַראַן אַזאַ טרויער, גאָטס טרויער
טראָגן אים פרויען אין לאַנגע, שוואַרצע קליידער,
אַנגעטאָן אין ווייסע קרעפּ,
די לענדן מיט צלמים אָנגעגורטן.

אין פרעמדע שטעט גייען זיי אַרום
און הייליקן די גאַסן מיט זייער וויכן טראָט.
זיי הויבן פרום דאָס געזיכט, און באַגריסן נישט קיין מענטשן
נאָר שטענדיק אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, דעם טרויער צו דער ערד געבויגן.

פאַר קלויסטער־טירן פאַלן זיי מיט פאַרלייגטע אָרעמס,
מיט תהילימלעך אין די הענט, און בעטן גאָט.
זיי צינדן ליכט נאָך טויטע
וואָס האָבן קיינעם נישט אויף דער וועלט געלאָזט.

הייליקע נאָנעס, באַרעמהערציקע שוועסטער,
גייען אַרום און שפּרייטן טרויער.
זיי — וואָס האָבן נאָך קיינמאָל נישט דערפילט דעם מאַנס באַריר,
האָבן זיך געזאָלבט צו טראָגן גאָטס טרויער.

## א ל מ י ם

### פאַרמשפּטע

די אויגן זייערע זעען שטענדיק דעם תליון און די תליה,
דעם גלח מיט דער שטילער תפילה.
באַנאַכט שטומען זייערע פּנימער דורך קילע גראַטעס,
פאַריסן צו דער שטילקייט פון אַ יונגער לבנה, איבער איינגעשלעפערטע גאַסן.

ערגעצדיקע שילדן פון עלעקטרישע רעקלאַמען, צערייצן די צעלן נאָך היימישע שטעט.
אין די שטעט גייט אַרום עמיצער פון זייער משפחה צווישן לאַכעדיקע מענטשן.
אַן אַנגעווייטיקט ווייב מיט אַ פאַרשניטן מויל פאַרהוילענע רייד,
און מיט וואונדיקע אויגן, וואָס טרערן שוין מער נישט פון צופיל צער.

אַז ס׳טרויערט ס׳אוונט-געבעט פון קרימינאַל-שוועסטער פאַרן שלאָף,
דערמאָנט זיך אַ טאַטע אין זיינס אַ קינד, וואָס קניט תפליהדיק פאַר זיין לער בעט,
און אינם ווייב, וואָס פייניקט ס׳געלעגער צו זינד.
אין אַזאַ שעה שלאָגט וואָרעם ס׳האַרץ צו זיין פרוי און קינד;
ס׳קוקן שטאַר די אויגן צום וואַנט אין צעל אויפן גאָט מיט פאַרהילטער שאַנד.
קייטן אויף הענט, קייטן אויף פיס, פאַרוואָרפן ס׳פּנים צו די קני און שמידן ס׳געגנאָד.

זיי, וואָס וועלן קושן דעם צלם מיטן צוגענאָגלטן גאָט פון גלחס האַנט,
וועלן נישט הענגען אויף דער וואַנט מיט אויגן לייטזעליק צו דער ערד.
זיי וועט מען וואַשן, רייניקן און גאָלן, אָנטאָן תכריכים לעבעדיקערהייט,
און וועלן גיין געבויגן מיט בלינדע טריט צו אַ שטריק וואָס פאַרציט.
און אונטערן קנופּ וועלן גליווערן ווערטער פון ודוי אויף אַ געשטאַרבענער ליפּ.

נאַנעס — 2

ס׳זענען פאַרכטיק די קליידער וואָס נאַנעס טראָגן;
שוואַרצע, ברוינע און אַמאָל בלאָע.
אַם טרויעריקסטן זענען די וואָס זענען דאַר און הויך,
זיי פירן אַ יתומל באַם הענטל, און גייען פאַר טישלעך בעטן נדבות.

אין שוואַרצע קאַרעטן פאָרן זיי דורך שטעט אַלע אינדערפרי,
און פאַרענדיקן זייער מאָרגן־תפילה פאָרנדיק אין וואָגן.
איבער שוועלן שפּאַנען זיי מיט ברייטע קוישן אין די הענט,
און זאַמלען־איין עסנס פאַר אָרימע קינדער.

חגאות, צירן זיי אויס די קינדער אין ווייסע קליידער,
און פירן זיי זאַלבע־צוויי איבער דער גאַס אין קלויסטער.
מענטשן וואונדערן זיך: ווי פרום ס׳קענען זיין קינדער אָן טאַטע־מאַמע,
און בענטשן די שוועסטער, וואָס פירן זיי אין גאָטס וועגן.

## צלמים

**חענקערס*)**

די האַק קילט און בלוטיקט, די האַק רוישט און טריפט.
אויף דער שאַרף שפּאַלטן זיך העלדזער און שפּרינגען אַפּ.
פון וואַרעמען שניט פאַרלויפט דער בלענד מיט פאַרע,
ס׳בלוט ציט אַפּ שנעל און הייס פון קילן שטאָל.

אין די צעלן בראַנדיקן לייבער מיט בלוינעם געשווילעכץ.
אונטערן שינד פון ריט צעפאַלן די קליידער,
און ס׳צאַפּלען די בייכער דורך קאַלט־שווייס.
וואונדן קלעפּן און רינען אויס אין ווילד פלייש.

אין דער ערד שטעקט די האַק, זי זאָל נישט שטומפּיקן,
און זאָל קענען בליאַסקען אין די הענט, מיט צעשפּריצטער זון,
איבער פריש־געהובלטע קלעצער אויף ווייס, געזיפּטן זאַמד —
קלעצער צוגעגרייט מיט ריין געוואַשענע העלדזער, וואָרעם צעקנעפּלט,
וואָס שפּרינגען אַפּ מיט געגאָלטע קעפּ און אָפענע אויגן.

אין זאַמד לעשט זיך ס׳רוי־פלייש פון אָפּגעהאַקטן קאָפּ.
ציין קלאַמערן די ליפּן און לעבעדיק שלאָגן נאָך די שלייפן.
דורך איבערגעדעקטן טוך אָטעמט נאָך דער גוף.
איטלעכס מאָל מונטערט אויף אַ האַנט, אַ פוס; צוזעענדיק שטאַרבן די פינגער.

הענקערס שייערן אַפּ די פלעקן, פאַרריכטן זיך לייטיש דעם קנייטש פון קלייד.
דורך צוגענאָגלטע טירן שרייט די נאַכט פון וועדינג מיט אַ יידישער טאָכטער.
און אויפסניי טונקעלט די האַק, ווייס און איידל אָנגעשפּאַרט אין קלאָץ.
פון רידל קרישלט נאָך קרוכלע קבר־ערד פון אַ פריש מת.

*) דייטשלאַנד, 1933.

**אפאסטאלן**

זיי גייען אַרום איבער שטעט און שטאַמלען רייד פון נביאים,
אַנגעגורטן מיט שטריק און מיט ווינט אין די ווילדע בערד.
די שטערנס זייערע קנייטשן זיך געל פון טונקעלער חכמה,
און פון די לעפצן רייסט זיך קלוגער תהילים, דורכזיכטיק צו גאָט.

אין זייערע אויגן איז אַ יעדע מויער — אַ קלויסטער־וואַנט;
איטלעכער בוים — אַ צלם, און געזיכטער מיט בערד־געקרייציקטע.
אין זייערע אויערן רוישן נאָך די קלעפּ פון טשוועקעס דורך הענט, פיס;
און ס'איז נאָך פריש פאַר זיי דער צעגאָסענער שטאָך אויף יעזוס ברוסט,
ס'וואונדיקע פנים זיינס, וואָס האָט זיך געלאָשן אויפן צלם.

דורך פאַרבייאיקע שטעט שפּרייזן זיי פאַרזיכטיק מיט וואַנדערדיקע שטעקנס,
און לינדערן די ערד מיטן אויסגעצערטן שווייגן פון אַ געקרייציקטן.
פון שטענדיקן וואַנדער זענען די שטעקנס זייערע איינגעוואַקסן אין די פינגער,
די פנימער אָפּגענוצט פון שטויביקע טריט, פון תעניתים און פרעמדער זון.

פאַראַן אין זיי אַזאַ כח, אַזאַ כשוף, וואָס פייניקט אַ מענטש אין שלאָף.
אָרעמס שלעפּן אים פון גלעגער צו דער ערד און בעטן פון אים עולם הבא;
הענט אַ־עלכע וואָס יאַמלען שמות פון פּסוקים, פון ת"נך,
און שווייגן באַטאָג, ווי די ליפּן זייערע אין שאָטן פון קבלה.

באַנאַכט אויף וויסטענישן טויכט פאַר זיי אויף אַ דורכגעגאַנגענע פרוי פון באַטאָג,
אַ דורכגעאיילטער ריח וואָס האָט געשלאָגן דורך וואַרעמען זייד מיט פּערפום.
און זייער גוף ווערט הייס און דינהויטיק איינגעצויגן פון שווערן גלוסט.
און אויף חורבות באַנאַכט צערינט זייער תאוה זרעדיק אין ראַסט, אין שטויב.

צ ל מ י ם

**תליות**

דינע זאַווערוכעס פון אָפענע פעלדער בלאָזן אויף ווייסע תליות.
דער שטריק פון גאַלגאַן איז נאָך פאַרשטייפט פון באַנאַכטיקער קעלט.
פאַרטאָגיקע העלדזער טייען אויף דער געפרוירענער פעטליע.
אינם שניי ליגן שפורן, נעכטיקע און אייערנעכטיקע,
טיפע טריט פונם הענקער, פון אַ גלח און אַ געהאַנגענעם.

פאַמעלעך נאָכן בלאָז פון ווינט, דרייען זיך גופים אויף דער תליה;
פון שווערקייט פּראַכט דער שטריק און ס׳רייסן זיך אָפּ ווייסע ווינטן.
אַז דער הענקער פאַרוואַרפט דעם קנופּ אויף זייערע הענט, אויף זייערע פיס,
און פאַרבונדט מיט שוואַרץ־טוך זייערע אויגן, דורך מילדע רייד,
רוישן טעמפּ זייערע אויערן מיט קלאַנגען פון אַ נאָענטן קלויסטער־טורעם.
אַ רואיק קאַפּיטל תהילים באַוועגט זייערע ליפּן אונטער אַ בלינדן צלם,
און אַ ווירוויך־האַנט באַנעצט זייערע שלייפן וואַרעם מיט געהייליגט וואַסער.

העלער טאָג שפּאַרט־אָפּ אויף גרייטע טרונעס, אויפן צווינטער וואַרטן
אויפגעלייגטע קברים.
אַ קברן לעם בערגלעך האַרטע ערד מיט צעבלוטיקטע שלאַנגען אויף שאַרפן רידעל.
אַ מענטש מיט אַ גלח, וועט באַלייטן די מיטה און זיך אומקערן אין דער גיך...
און אין אַ שטאָט ערגעץ וועלן פינגער פאַרשעמען ס׳ווייב פון אַ געהאַנגענעם,
ס׳קינד וועט גליווערן לעם שוויַיגנדיקע אויסלאָגן מיט אָפענע הענטלעך,
און אויסשטאַמלען באַ דער וועלט אַ פּרוטה.

## האַקנקרייץ

ערגעץ אין גערמאַנישע וועלדער
פאַלן ווילד די ביימער און לייגן זיך אין קלאַפטער־שטויסן.
ווינטן צעיאָרזשען אין זיי פייער,
באַהעלן די הימלען מיט פלאַם פון שייטערהויפנס.

פענצטער צונטערן ווי שקיעה;
פאַנעס וויקלען זיך הייס אויף געזימסן און רייצן דעם לוסט פון חלף.
אויף די פינגער טראָגט עמיצער דעם גרינגן בלענד פון מעסער,
און שטילט די שאַרף אָן האַלדז פון מענטש.
אונטער זיינע נעגל שיילן זיך וואונדן
און אונטער זיין צונג שטאַרבן העלדזער.

ווייַרויך קילט אָפּ דעם ריח פון שייטערהויפן,
און פאַרווישט דעם רויך פון פלאַקערדיקע פאַקעלן.
יונגפרויען טאַנצן בלאַנד דעם פייער אַנטקעגן,
און פאַרזינגען דעם פלאַם פון אַ נאַקעטן גוף.

אין ערגעצדיקן בערלין ווייטיקן שטראָזן מיטן טראַט פון אַ באָרוועסן ייד,
וואָס לויפט צווישן דאַמען, הערן, געבויגן פון אַנגעיאָגטן בייטש:
אין משוגענע קליידער, ווילד דאָס פּנים ווי יוסף דער טרוימער.
די, מיט אויסגעבראַנדיקטן האַקנקרייץ אויף הוילן לייב,
ציען צו ווינטן צו פאַרבלאָזן דעם ברי פון וואונד.

אַנגעצויגענע באַיאָנעט־שפּיצן האָבן צעוואָרפן די שאַרף איבער מערץ, אַפּריל.
זייערע צווייַ לבנהס הענגען צעשניטענע און בלוטיקן חודשלעך.
עמיצער מיט אַ הילצערנעם האַקנקרייץ אויפן אַקסל,
וועט זיך שלעפּן איבער אַ פאַרלוירן פעלד,
אַנגעגורטן מיט אַ האַק, מיט טשוועקעס, און שטאַרבן אויפן קאַלענדער.

אַפּריל 1933

# צ ל מ י ם



זייערע ליפּן טראָגן די בלאַסע שטומקייט פון אַ בלוטיקן גאַס.
מיט דער שטומקייט קושן זיי די קעפּלעך פון יתומים.
בלייך שליסן זיי די גאָטפאַרכטיקע אויגן,
ווען זיי צלמען מיט פאַרצערטע פינגער די פּנימער פון קינדער.

אויף זייערע הויכע לענדן וויגן זיך גרינג־געפלאָכטענע גאַרטלען
וואָס קילן די ערד מיט מעשענע צלמים,
און פונם לאַנגן, שוואַרצן שלעפּ שפּרייט זיך ווייכער טרויער
אויף זינדיקע שטיינער פון גרויסע שטעט.

ברייט געראַמע קליידער שטילן זייערע טריט, באַהיטן זייער גוף,
און לאָזן נישט גלוסטן צו זייער לייב.
זיי טראָגן פאַנאַנדער מאָרגן־טוי פון פרישן קלויסטער־גראָז,
און ס׳ווערן מילד די שוועלן, די טראָטואַרן — אונטער זייערע טריט.

מענטשן פאַרכטן זיך פאַרן בלענד פון זייערע שטייף־געוואַשענע קרעפּ,
ווי פאַר אַ ווייסן גאָט מיט פייער אויפן קאָפּ,
וואָס פראַסטיקט אויף אַן ערגעצן שייד־וועג אונטער אַ קלאָרער לבנה מיט
צוגענאַגלטע וואונדן.
פאַר אים בויגן זיי די קני און הויבן די געזיכטער מיט תפילה
און מיט ווייך־געשלאָסענע הענט, צוגעצויגן די ליפּן צו די נעגל פון זיינע פיס.

געהילטע טולן לייטזעליקן זייערע פּנימער: פון די וויעס לויטערט גענאָד.
אומעטום ברענגען זיי דאָס געזאַנג פון אָרגלען, די שקיעה פון קופּאָלן.
פאַרנאַכט אויף קילן גראָז ציען זיי די אויגן צום הימל אין ריח פון אויבסטן.
ס׳וויזט זיך פאַר זיי יעזוס מיט אַ רואיק געזיכט, אויפגעהויבן די פינגער,
מיט די פינגער ציטערט ער אויף זייער קלייד אין פאַלדן, און באַשירעמט
זייערע טריט.

## יידן

צעפּאַדערטע פּויסטן האָבן אָנגעוואָרפן אַ בראַנד אויף דער שטאָט.
שטיינער האָבן פאַרשמירט די יידן און דעם שבת מיט וואונדן.
שטאָטישע ביימער האָבן יינג געציטערט מיט פרישע בלעטער
און ווי אַלעמאָל שבת, האָט אויף דער ערד געטריפט ס׳ליכט פון דער זון,
גאַסן האָבן געקוואָלן מיט קינדער אין קיל געוואַשענע געוואַנטן;
און פון זייערע שבת-הענטלעך האָט ווייס געבלענדט שבתדיקע חלה.

גוים האָבן קאַליע געמאַכט אַזאַ טאָג מיט שטיינער און מיט שטעקנס
שטעקנס פריש-געשיילטע, וואָס האָבן ווילד אין דער לופט געפאָכעט
און אָפּגערונען ס׳בלוט פון קלוגע שטערנס איבער פּליוש און שטילן אַטלאַס,
אונטער פרומע בריסטל-אָרעמס האָבן טליתים געפלעקט פון פרישע וואונדן.

* * *

אויף פריצישע גאַסן שאַלט מוזיק, הייזער און לאַמטערנס אין בלומען געהילט.
אין די פענצטער שטייען „קאַשטשושקאָס" ברייטע בילדער, זילבער ליכט צינדן.
דעכער פלאַטערן מיט רויט-ווייסע פאָנען, מיט זייד און קאָלירטע צלמים,
און אויסגעשטיקטע געטער וויגן זיך אין געזאַנג פון דאָרפישע שיקסעס.

זיבן גלחים אין קיטלען מיט זילבערנע צלמים, זינגען אין ווייררויך.
און פיר שטאַרקע הענט טראָגן יעזוסן אין בראַנדז, ווי אַ לעבעדיקן איבער דער גאַס,
הינטער יעזוסן שפרייזן גלחים, פּויערים, איבער שבתדיקע רינשטאָקן
און אין די זילבערנע צלמים פייניקן זיך יידן מיט ודוי צו גאָט.

ס׳פלאַמט אויף אין שריפה אַלטע ספרים-שענק, אונטערן פייער שאָרכן אותיות.
די, וואָס בלאָזן אויף פייער אין שבת און רוימען לייכטער פון געדעקטע טישן,
עפענען דעם ארון, טראָגן פאַרקערט די ספרים און צעוויקלען זיי אויף טראָטואָרן.
און קינדער פון צלמים שפּילן זיך באָרוועס אויפן פאָרמעט און פאַרווישן די אותיות.

ס׳לויפן אויף פרענגעס אויף טאַטעס, אויף מאַמעס, קינדער שוידערן אויף פאַר פחד.
פון באָבעס צערינען אויגן אין טרערן אויף בלעטער אויסגעוויינטן-תהילים.
יידן, וואָס קענען וואַנדערן מיט געהילטע ספרי-תורות און מיטן נאָמען „שם",
ליגן אויפן קלויז-דיל מיט צעשפּאַלטענע ליפּן און קענען ניט שטאַרבן.

# צ ל מ י ם

חאָרענגעס, שקצים, אַלע האָבן זיך אין שקיעה היינט אַרויסגעלאָזט נאָך רויב.
זיי גייען לאַכעדיק איבער שוועלן און פון זייערע הענט פאַלן אָפּענע ריגלען.
פון צופיל רויב שטויבן די גאַסן מיט צעטראָטענעם ברוכוואַרג — נייע סחורות.
און שטיבער פון סטרוזשעס זענען ענג מיט וואָל־שטאָפן, מיט אָנגעשלעפּטע געוואַנטן.

גוים האָבן קאַליע געמאַכט אַזאַ טאָג מיט שטיינער און מיט שטעקנס, —
שטעקנס פריש־געשיילטע, וואָס האָבן ווילד אין דער לופט געפאָכעט.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

**אויפן צווינטער**

גאָט האָט די זון מיט דער האַנט פאַרשטעלט און מיט נאַכט צעפּירט איטלעכנס הויז.
שרעק רירט פון די הייזער, פענצטער פון מיטנטאָג צינדן אימהדיקע ליכט.
פעלדער זענען ווילד און בלעטער זענען שוין מיד צו פאַלן פון צופיל ווינט,
כסליודיקער הימל שפּאַרט טרויעריק די ערד, ווי גאָט וואָלט היינט געשטאָרבן.

פאַראַן היינט אַזויפיל ווינט, ווי ס'וואָלט גאָט נאָענט צו דער ערד געהאָנגען.
מענטשן שטייען צעוואָרפן אין געלער קעלט מיט רידלעס לעם צעקאָפּעטער ערד;
פּנימער רינען מיט איבערנומענעם אָסיען, דורכגענומען מיט אַזויפיל שוידער,
אַז ווען עמיץ מיט אַ פינגער זאָל אַ בוים באַרירן וואָלטן בלעטער זיך צעשאָטן.

גאָט האָט אַלע באַנען, אַלע שיפן פאַרלוירן און צו זיי די שפּורן פאַרגעסן,
און באַנען אויף פאַרגעסענע שטרעקעס בלאָנדזשען אין סיגנאַלן דורך פרעמדע שטעט.
אויפן ים־פלאַך הויבן זיך שיפן אין הויכן שוים מיט קוימענס, שרייענדיקן רויך
אויפגעבלאָזענע פלאַכטעס פליקן די פאַרצווייפלטע זעגלען פאַר סכנה פון שטורעם.

ביימער זינקען אין טיפע וואַסערן און כליפּען ווי דעכער, ווי געזימסן.
צווייגן שווימען גרינלעך אויף, ווי אָנגעלאָפּענער געהילץ אויף וואַסער.
פערד, פויערים און כאַטעס שטייען פאַרשווימען פון איבערגאָסענע שלאַקסן, —
אַזאַ רעגנדיקער הימל היינט, ווי גאָט אַליין וואָלט טראָנקען אין פאַרשוואוירענעם מבול.

חורבות — אָפענע צווינטערס. אָנגעוואָרפענע מצבות גרויען, הוילע איבער קאָלטע מתים,
קברים־בערגלעך ליגן ליימיק און ווייך, נאַס פאַרשאַרט פון אָפּגעשלאָגענע ווערבעס
פאַרשאַרט ווי אַ קברן, גייט גאָט איבערן צווינטער אַ הויכער מיט אַ בייזער באָרד, —
ציילט די טויטע פּנימער און צעשרייבט די שטיינער מיט קאָלענדערס און נעמען.

## גאָט

וועסט שטאַרבן גאָט אומעטום. אויף איטלעכן צלם.
אפילו אין די הימלען אויבן, וועסט שטאַרבן גאָט.
דער העלער טאָג, די זון, גייט אָן דיר אַזוי אויך אויף,
און גאַרנישט פון דיין גאָב איז וואַרהאַפטיק.
ביסט נישט דער באַשאַפער פון ערשטן אות בראשית.

אויף אַלע וועגן נעמען לויטערן די טריט פון דיינע קנעכט,
ווייל דו דעקסט ס׳פּנים דיינס נישט אויף ווען מ׳פירט צו תליה.
שיקסט בלויז עטלעכע אויסדערוויילטע מיט אַן אויסגעלערנטער ודוי,
אָבער זיי האַלטן נישט אָפּ די פּעטליע פון אַ האַלדז.

קום, גאָט, אַליין אַראָפּ אויף דער ערד מיט אַלע מענטשן,
פאַרזוך די נאַקעטע פּרוכט פון אַ פּרויס אָפּן לייב,
שטעל אָפּ ס׳בייזע וואָרט פון פּייניקער, די שאַרף פון דער שייד,
און שעלט דעם שטרויכלער וואָס לעסטערט אויף אַ הייליקערן פון דיר — לעניך.

ס׳איז נישט ירושלים, ס׳איז נישט נצרת — די פאַרלענדונג אויף צלמים.
ס׳איז די אַנגעגורטקייט נאָך נצחון פון וועדינג, מאָסקווע און אַסך, אַסך,
דו, וואָס דער געשריי פון אַ פאַרמשפּטן שרעקט נישט דיינע פּיס־קנעכל
מיט דעם ווייטיק, ווען ער לייגט דעם קאָפּ וואָרעם און שטום אונטער דער האַק,
זאָלסט דיך נישט וואונדערן וואָס ס׳מינערט ס׳ליכט פון דיינע הענט.

בעטלער, וואָס זיצן מיט חודשדיקע קינדער יעמערלעך אויף אַ שטאַטישן ראָג,
מיט קלויסטער־קרעלן אויפן האַלדז פאַר אַ סגולה צו וועקן פון עמיצן רחמנות,
וועלן דיר צוריקוואַרפן ס׳שנירל צלמים; די געזאַלבטע וועלן דיר אָפּגעבן ס׳קלייד;
און ס׳וועט צוזאַמענברעכן די קדושה דיינע, די געוועלטיקונג פונם של־יד דיינעם.
וועסט שטאַרבן, גאָט, אומעטום, אויף איטלעכן וועג; וועסט שטאַרבן, גאָט.

## משפחה:

מלכה

## אנדענק איר טאַטן

האָסט אין זיך דער מאַמעס גוטסקייט, דעם טאַטנס מילדן גאָב;
זיין ברייטן שטערן, די פייערדיקע אויגן מיט דער חסידישער הייסקייט,
און די הויכקייט, מיטן ווילדן גאַנג וואָס יאָגט אַן אַ ווינט אויפן קלייד.
פאַראַן אין דיר דעם טאַטנס לוסט צו באַנען, צו סוחרישע שטעט.
פלעגסט שטענדיק אַרומפאָרן אין שפעטע נעכט העלפן האַנדלען דעם טאַטן;
אַנגעטאָן אין פרומע קליידער, סוחרים זאָלן נישט גלוסטן צו דיר,
און איבערנעכטיקן אַמאָל אין באַן, צי אין בילעץ־ביאַלע אָדער גאָר אין ווין.

דיינע אויגן טראָגן נאָך ס׳ליכט פון דער מאַמעס בענטש־ליכט,
דעם אַטלאַס מיט די העלע פלאַמען פון טאַטנס שפעטער הבדלה.
חסידיש ווערן דיינע רייד, ווען דו נעמסט רעדן און דערציילן
פונם רבין ר׳ ברוך אין גאָרליץ, דעם אַלטן סאַנדזוערס זון;
פון זיין ברייטן רבישן טיש מיט דיין טאַטן אַן דער שפיץ,
וואָס פלעגט אים אַזויפיל ליב האָבן כאָטש ר׳איז אַן אָרימאַן געווען;
אייביק זיך געפינען הינטערוועגנס מיט אַ קיישל סחורה אויף וואָקזאַלן
און געלייגט זיין טלית־תפילין ערגעץ אויף אַ פוילישער באַן.

מאַרגנס אין דיין שטוב האָבן געוועקט אין מיר דעם ערשטן באַגער צו אַ פרוי.
האָסט דיך ענטפלעקט פאַר מיר אויסגעטאָן מיט דער וואַרעמקייט פון בעט;
דורכן לאַנגן אָוונט־העמד האָט ס׳לייב געשפאַנט אומבאַרירט, יונג און דורכזיכטיק;
די באָרוועסע טריט דיינע האָבן האַרט גערירט די בריסט פון דיין רייפן גוף.

ביסט אַוועק אין אַ ווייטן לאַנד מיטן גוטן שם פון אונדזער באָבע חנהלע —
די חסידהסטע פון קלוגן ר׳ לאַזערל ריישער און פון פשוטן ר׳ שלמה לייבעלע טיטשינער.
לעם אַ האַפן הי האָבן די ליפן מיינע אויפגעפרישט דיין געזיכט, דיינע הענט;
ס׳האָט געררויטלט אויף דיר די תאוה פון אירלענדער טעכטער אין די הענט פון מאַרינער;
דיינע נאָענטע אויגן האָבן טריב געפיבערט מיט דער טבע פון אַ חסידישער טאָכטער,
און דערנאָך געטרערט מיט דער בענקשאַפט נאָכן פרישן טויטן טאַטן.

פ ש פ ח ה

היינט איז אומעטיק אין דיין מאַמעס שטוב. נישטאָ מער דער טאַטע, ס׳קומט
נישט מער די מומע ראַצעלע.
אויף דער ברייטער מזוזה טרויערן איצט די פינגער פון די אַמאַליקע אורחים,
פרעמדע חסידים,
און ערגעץ אין די שופלאַדן וואַלגערט זיך אַ פאַרגעלטער בריוו פון אַן
אָפּגעפאָרן קינד.
אין אַ שאַנק וואו, טרעפט זיך נאָך אודאי דיינס אַ פאַרבליבן קלייד, דעם טאַטנס
אַ פאַרוואָרפן ספר
און די מאַמעס שוואַרצער שלעפּ וואַרפט אַן אַ פּחד אויף דיין קראַנקער שוועסטער.
אין דער פרעמדער ווייט, טראָגסטו ס׳ערלעכע פּנים פון דער מאַמע מיטן טאַטנס
שמייכל צו דער גאַס.

## ב ר ו כ ו ו י ר ג

**מיין ערשט יינגעלע**

אין דיינע אויגן זע איך דיין מאַמעס הייסע נעכט.
ס׳בעט מיטן לייב אין טונקעלן שלאָפצימער.
ס׳ציטערט שטייף דער מאַמעס רייפער בוזים,
דער טאַטע מיט פאַרגלייזטע אויגן ליגט ווילד אין אירע אָרעמס,
און ס׳טריפט הייס דעם טאַטנס בלוט און פלייש.

דיינע אויגן זאָגן אויס דעם צער פון אַלע שוואַנגערדיקע מאַמעס,
ווען ס׳ליגט דער בויך אויפגעדעקט אויף אַ ווייך־געבעטן טיש.
אַ ווייסער פחד שלאָגט פון דאָקטוירים, פון ווייסע שוועסטער,
און ס׳רייסן זיך די יסורים דורך די שטילע טירן פון שפיטאָל.

אינם רויטן נאָפּל דיינעם היילן זיך דער מאַמעס רויע וואונדן;
אין דיין זויגן מערט זיך די וועלט; אַזוי נאָך מערן זיך אַלע מענטשן.
וועסט אויפוואַקסן, אַליין זיין אַ באַשאַפער,
און וועסט זען ווי ס׳שטאַרבן מענטשן — גוטע, שלעכטע.
די ערד איז גרויס גענוג, פאַר אַלע מענטשן גרויס.

**ס׳חונגערט**

בלעטער ברעכן זיך געל אונטער מיינע טריט און צעפאַלן אין נאָוועמבער.
טרוקענער פראָסט פון רינשטאָקן וועקט די נעגל פון מיינע שטומע פינגער,
און מיינע הענט נעמען גלוסטן נאָך אַ שיכל, נאָך אַ וואַרעם לייבל פאַר אַ קינד.
ס׳רייצן מיך וואַרעמע טירן, געבראָטענע פליישן פאַרען פון פרישע געקעכצן,
צו אַ הונגעריקן גענענט דער ריח פון ברויט אפילו דורך פראָסטיק גלאָז...

ס׳איבערלויפן מיר די אויגן מיט שווערער נעץ פון ווייסע זאָווערוכעס.
קעלטן בלאָזן די פריזיר און דער קאָפּ ווערט גרינג פון יונגן שניי.
אויף די הענט צוקט אַנגעדראָלענע קעלט, פון די קליידער רינט אַפּ קאַלטער רעגן.
כ׳וויל איצט ווערן בלינד, אָנשלאָגן מיט די פיס סמנים אויף די שוועלן,
און עמיץ אַ מענטש זאָל מיר עפּעס דערלאַנגען דורך אַ טיר, דורך אַ שויב.

כ׳וויל געפינען חברים־גנבים, כ׳זאָל קענען גנבענען, אויסברעכן אַ שויב אין גאַס,
און כ׳זאָל זיך נישט שרעקן פאַרן בלוט, וואָס רינט אַפּ פון אַ מערדערס מעסער.
ס׳לאָקערן באַ מיר איצט די אויגן, ווי דאָס האַרץ פון אַ שטאָטישן רויבער,
און איבער מיר קלאַפּט ראָסטיק אַן אָפּגעריסן שטיק רינווע פון אַ געזימס,
אַ גאָסן־פּרוי וואַקלט זיך פון שכרות אויפן ראָג און שעלט אַ פיאַקער־פערד,
ווייל ס׳האָט זיך פון איר אַ לאָז געטאָן ס׳חודשלעכע בלוטונג.

כ׳קען אַסך הונגעריקע שטעט, דרויסנדיקע געלעגערס — ווין, קראָקע, ניו יאָרק.
כ׳האָב חרטה אויף מיין לייטיש הויז, כאָטש ס׳קינד ראַטשקעט שוין אויפן דיל
און שפּילט זיך מיטן אָקאָרשט געפאַלענעם בלאַט פון מיין חברס בלומען־טאָפּ.
די קליאַמקע איז מיט צוגערירטן שטויב, ווייל ס׳עפנט קיינער נישט די טיר.

ב ר ו כ ו ו א ר ג

**שאַדרים תאַלדיק**

אין זיין גוף לאָקערט דער גלוסט פון הייסע חסידישע באָבעס,
ס׳אומרואיקע בלוט פון די זיידעס, מחלוקת־סאַנדז און סאַדעגורע.
ס׳איז נאָך פריש פאַר אים דער מאַמעס וואַרעמע הענט אויף איר שבת פּנים,
דער פרומער רויך מיטן אַנגעקאָוועטן חלב פון אירע בענטש־לייכטער
און דעם טאַטנס בייזע תפילין, זיין שווערער טלית מיט דער ברייטער עטרה.

הי, זענען די טריט זיינע אויסגעוואַקסן לויטן גאַנג פון גרויס־שטאָטישע גאַסן.
די פיס און די אַקסלען נאָכגעלאָזט; פון די שאַרפע אויגן — געלאַסענע רייד.
און די הענט זיינע — וואונדיק: זיי טראָגן נישט מער דער מאַמעס ווייכע הויט.

אויף זיין באַשטידל איז געשטאָרבן דער נאָמען „שדי״.
ס׳וויב זיינס האָט די בענטש־ליכט פאַרלאָשן.
זי היט שוין מער נישט אָפּ דאָס חודשלעכע, דעם היימישן גאָט פון דער באָבע,
וואָס ציילט נאָך אַלץ די תעניתים פון קריאת־תורה; די צדקה פון ברויט, ליכט.

ס׳איז אים נמאס דעם טאַטענס לומדות; דער דרך־ארץ פון צעריקטן שבתטיש.
דער מאַמעס מילד וואָרט, די גוטע מידות מיט אירע צאַרטע וויעס.
און ס׳פּסלן זיינע תפילין, די מתנה פון טאַרנאָווער בן־דיין.

אין זיין ספרים־שאַנק שטייען איצט ביכער פון רעוואָלוציעס.
און אויף די ווענט בילדער פון געשענדטע באָלשעוויקן.
סאַקאָ־וואַנזעטי אויף באַזונדערע תליות, און נאָך אַסך . . .

ס׳איז אים ליב איצט דער שוואַרצער ריח פון נעגערס.
זייער גאַס, און דער הכנעהדיקער מאַניער פון זייער ווייב,
וואָס כאָוועט אויף אַ פעסטע טאַכטער פאַר אַ גאַסן־יונג.
און דער שווערער איטאַליענער, וואָס שאָטערט שטראָזן אויף באַן שטרעקעס.

**מיין צווייט יינגעלע**

טראַטואַרן פון שפּעטע דעצעמבער־נעכט רוישן מיט פאַלנדיקע בלעטער.
צו דער לבנה ציען אונדזערע טריט און שרעקן דעם וועג, ס׳טויער פון שפּיטאָל.
אין מיין פאַרשלאָפענעם אָרעם ציטערט אַ פרוי ; ס׳קינד אין בויך שטויסט זיך
צום טראַכט,
און צו פרעמדע טונקעלע שויבן דערגרייכט אַ שפּעט געוויין פון אַ געווינערן.
זי נידערט צו דער ערד פאַר יסורים, און איך באַדויער די הייסע נעכט ;
כ׳האָב חרטה וואָס די אברים מיינע האָבן זיך אָנגעצונדן אַזוי ווילד,
און די צונג וואָס האָט גלוטיק רויט געלאַשן אירע אויגן.

איצט, נאָך געבערונג, אַז דיינע אייגלעך, קינד, זענען שוין בלינדלעך אָפן,
און די ליפּלעך דיינע זוכן שוין דער מאַמעס בריסט־וואָרצלען אויפן קישן,
ווערסטו מסתם מיינע הענט אויך דערקענען און נאָך שילטן דיין טאַטן.
מיינע הענט זענען נישט אַזעלכע וואָס וועלן דיך וויגן מיט „אַ גאָלדן ציגעלע״.
ס׳פרישע הענטל דיינס וועט אָננעמען אַזוינע זינדיקע נאַרישע הענט ווי מיינע,
און וועסט פירן דעם טאַטן אַ גרויסן איבערן וואונדער פון דיין געבורטס שטאָט.

וועסט מיר אָנווייזן אויף טאַטעס, מאַמעס, בעטלדיקע, מיט קוילן זעקלעך אין קעלטן.
און אויפוואַקסן וועסטו ווי איך, מענעריש ; אויף דיין ברוסט וועלן וואַקסן האָר.
און ווי בא יעדן מאַנסביל, וועט בא דיר אויך זיין אַ טבע נאָכצוקוקן אַ פרוי אין גאַס.
אין דיינע ליפּן וועלן זיך קילן ציין פון אַ פרוי, וואָס וועט דיר געבן אַזאַ שעה
אַרויפצושלעפּן אויף איר פאַרשלאָפענע קליידער און זי פירן שוואַנגערדיק דורך
שפּעטע פענצטער.

## ב ר ו כ ו ו ע ר ג

גרשון קאַס

צו דיר איז דער טויט געקומען כאָטש די שטוב איז געווען פאַרמאַכט,
און דיך אָוועקגעלייגט אויפן הוילן דיל לעם צוויי אָנגעצונדענע ליכט.
אַ ייד אַ זקן איז באַ דיר געזעסן, און געהיט די נאַכט איבער דיר,
און צומאָרגנס באַלד בין איך דיך געקומען צו קבורה באַלייטן.

אין אַ נאַסן חשון־טאָג האָב איך דאָס געוואָרט אויף דיין לויה.
כ׳האָב זיך מיט דיר מתעסק געווען, כאָטש כ׳קום אַרויס פון כהנים.
כ׳האָב מיט צוויי שערבעלעך באַדעקט דיינע יונגע אויגן,
און געהאָלפן דעם ארון פון טהרה־שטיבל אַרויסטראָגן צום וואָגן.

נאָכגעגאַנגען נאָך דיר זענען בלויז חברים,
קיינער נישט פון דיין משפחה.
אַלע האָבן זיבן מאָל די מיטה געהויבן נאָכזאָגנדיק יושב־בסתר,
דערנאָך האָט אַ געדונגענער ייד אויפן קבר נאָך דיר קדיש געזאָגט.

**מומע ראַצעלע**

די מומע ראַצעלע איז שוין מער נישטאָ.
כ׳זע די נידריקע איינגעשרומפּענע פּרוי מיט איר געל געזיכט,
אינם בריסטלענעם איבערציר מיט די גרויסע פּערלמוטערנע קנעפּ,
אַרומקריכן מנחהדיק זומער פּאַרנאַכט
אין געסלעך, אין טונקעלע הייזער אויף צעבראָכענע שטיגן
מיט אַ שטיקל לייוונט און אַ מעטער אונטערן אָרעם,
מעסטן וועש און בעט־געוואַנט פאַר אָרימעלייט.

גאָט, האָסט אויף אַן אמת באַ אונדז צוגענומען די מומע ראַצעלע
אַ נשמה וואָס דאַרף זיך נישט קומען וואַשן אין די שבעה־טעג?
כ׳מאָן זי צוריק באַ דיר; גיב אָפּ אונדזער מומע ראַצעלע.
זי פעלט דאָ אַזוי אויס אויף דער ערד.

ס׳שטייען אלמנות לעם איר קבר,
קינדער מיט געשוואָלענע הענטלעך באַ די מאַמעס פּאָלעס.
און אַלע וויינען זיי נאָך איר,
נאָך האָלץ, נאָך קוילן, נאָך אַ פריש העמד.
ס׳וואַרטן קימפּעטאָרנס נאָך אַביסל וואַרעמע גריץ.
גיב אָפּ אונדזער מומע ראַצעלע; היט זי כאָטש אָפּ.

מומעשי,
זיי מיר מוחל וואָס כ׳האָב דיך צו קבורה נישט באַלייט.
כ׳בין ווייט, ווייט פון דער היים.
קדיש טאָר איך נאָך דיר אויך נישט זאָגן.
פאַרדאָס, אַז ס׳וועט מיר באַשערט זיין אַ טאָכטער,
וועל איך איר אַ נאָמען געבן נאָך דיר.

בעטלען

אויף מיר וואַרט אַ שווערער ווינטער מיט אַסך ווייסע שוועלן,
אַסך רחמנות פון באַרמהערציקע מענטשן,
און אַ שטעקן וואָס וועט מיך פירן אַן אַרימאַן איבער די הייזער.
באַנאַנד אַזוי, וועלן מיר אפילו קיין הויז נישט פאַרפעלן.

כ׳וועל אַרומגיין מיט אַ לערן אַרבל אויפן רעכטן־אָרעם,
ווי אַן אומבאַהאָלפענער וואָס האָט אַ האַנט פאַרלוירן.
ווייל כ׳וועל זיך שעמען פאַר לייטן, פאַר טאַטע־מאַמע,
אַז כ׳קען אויף קיין ברויט נישט פאַרדינען.

אַז קינדער וועלן נאָכלויפן און מיך ציען באַ די קליידער,
אָדער חברים וועלן אָנווייזן אויף מיר אין גאַס מיט די פינגער,
וועל איך אין דער וועלט אַוועק, ווערן אַן אמתער בעטלער.
כ׳ווייס אַזאַ לאַנד, וואו כ׳וועל קענען שטיין און בעטלען.
כ׳וועל האָבן אַסך כח כ׳זאָל קענען האַלטן אויסגעשטרעקט די האַנט.

מענטשן וועלן מיר געבן נדבות און איך וועל זיי פאַרדאָס בענטשן,
כ׳וועל זיך דערפאַר אַזוי העפלעך פאַרנייגן,
און מסתם שוין אַזוי שטאַרבן בעטלדיקערהייט,
אָדער גאַר אויסגיין אין אַ רינשטאָק אונטער אַ פראָסטיק ברעט.

## אַ ברייוול

מאַמעשי,
באַ דיר איז איצט פּסח־באַנאַכט אין שטוב,
און באַ מיר איז פּסח־באַנאַכט אין גאַס.
כ׳האָב נישט קיין שליסל צו אַ הויז,
כ׳טראָג אפילו נישט קיין לייטיש העמד.
און דו, אין דער היים, גייסט אַרום אין ווייסע זאָקן
אָנגעטאָן דער באָבעס שטערן־טיכל,
און בענטשט די ליכט אין זילבערנע לייכטער.
דער רויטער ווייַן לײַטערט דייַן תפילה,
און דו ווייסט נישט, אַז ווען כ׳וואָלט איצט כאָטש ברויט געהאַט
וואָלט איך אין פּסח אויך געגעסן.

מאַמעשי . . .
אליהו־הנביא וועט הייַנט באַנאַכט אודאי זייַן באַ דיר.
גיס פאַר אים אָפּ דעם ווייַן אין מייַן געבלומטן כוס,
ווייל כ׳קאָן אים נישט גיין אַנטקעגן אויפמאַכן די טיר.
כ׳האָב אַליין נישט קיין טיר וואו צו עפענען,
כ׳האָב נישט וואו איבערצונעכטיקן.

**אונדזער באָבע חנהלע**

(דעם טאַטן מיינעם)

**ווייסער שבת האָט אַפּגענומען ס׳תהילימדיקע וואָרט פון דיינע ליפּן**
און האָסט דיך אומגעקערט צו דער ערד אַ געלייטערטע אין קדושה.
מ׳האָט געאײַלט מיט דיר צו קבורה, ווייל ביסט נסתלק געוואָרן שפּעט אין ערב־שבת.
איצט ביסטו פאַר דיין שטאָט אַ לעגענדע פאַרבליבן, אַ זיוג צו אליהו־הנביא,
און אַלע וואָס טראָגן אַרום דיין גוטן שם וועלן עפענען פאַר דיר די טיר פּסח־בײַנאַכט.

ביסט אַוועק אין דיין גלויבן, אינם ליכט וואָס האָט דיך פאַרהייליקט
— אַז וועסט דיך קאָלערן קיין ארץ־ישראל און רוען אין ליכטיקן גן־עדן.
ליגסט לעם דיין שוועסטער, וואָס האָט שטענדיק אויסגעפירט דיין שליחות:
אָפּגעטראָגן צו הונגעריקע ס׳ביסל נדבות וואָס זי האָט בײַ נגידים אויסגעבעטן.
זי און אָסך וועלן דיך דערקאָנען, ווען מ׳וועט פרעגן בײַ דיר דיין נאָמען.

גייסט אויף ווי אַ נביאטע, אויסגעמאָגערט פון תעניתים, מיט געטובלטע הענט
וואָס האָבן דיינע וויעס בײַשאָטנט נישט צו קוקן אויף אַ פרעמדן אָפּגאָט.
און אַז מ׳האָט דיך דורך פרעסט געפירט צו דער פאַרטאָגיקער קלויז
האָט דיין עלנבויגן פעסט געאָרעמט דעם סדור מיטן בייזן שליסל צו דער שול,
זאָלסט נישט דאַרפן האַרן אויף דער שמשטע און פאַרפעלן עמיצנס אַ קדיש.

טונקעלסט שוין מער נישט מיטן שטילן טייטש־חומש בײַם פאַרנאַכטיקן שבת פענצטער,
וואו דו פלעגסט טרויעריק צו זיך לייענען און פאַרטייטשן אַלע אויפגעמישטע בילדער:
— אַז פון לוטס ווייב איז אַ קלאָץ־זאַלץ געוואָרן, נחס תבה שווימט אויף אין מבול,
און יוספס ברידער ברענגען ס׳בלוטיקע העמדל, וואָרים אַ חיה האָט אים פאַרציקט, —
ביז ס׳האָבן דיינע פינגער דעם שבת פון דער שויב פאַרווישט, מיט „גאָט פון אברהם״.

# משפחה

* * *

צו חצות שטייסטו פון קבר אויף און קערסט צוריק אין דיין שטאָט.
גייסט אום איבערן מאַרק, ווען די לאַמטערנס האָבן נאָך די גאַס נישט פאַרלאָשן.
ס׳קומט דיר אַנטקעגן אַ פויערטע און באַגריסט דיך אויפן היימישן פויליש.
זי גיט דיר אַפּ אַ מתנה — אַ קאַרץ ערדעפּל, עטלעכע אייער אָדער אַן עוף,
ווייל האָסט איר ערלעך אַן אייל־לייוונט אָפּגעמאָסטן און גיסט עס אָפּ פאַר צדקה.

האָסט אפילו אָפּגעגעבן די אַנגעגרייטע תכריכים צו אַ פרעמד מת אין אַ תשרי נאַכט.
ביסט אין ווינט אָוועק מיט אַ בינטל לייוונט, ס׳ארימע מת זאָל נישט פאַרליגן,
און נאָך זיך פאַרלוירן ס׳הייפל ארץ־ישראל ערד, די געאיילטע מצוה אינגאַנצן
נישט מקיים געווען.
די אייניקלעך האָסטו געשטראָפט, ווייל זיי האָבן די ערד איבערן דיל צעשאָטן;
זיך געשפּילט דערמיט און נישט געוואוסט, אַז מ׳האָט געשטרויכלט דיין שליחות.

באָבעשע, שניט־סוחרטע פון אַלטן ריישע, פון אַלטן ווין און פון אַלטן קראָקע,
מיט דער שפּראַך פון ביידע לענדער און מיטן קלוגן האַנדל פון גרויסע סוחרים
אין זייערע ביכער איז ערלעך פאַרשריבן דיין נאָמען, דער נאָמען פון אַ צדקת
וואָס שטאַמט פון אַ טאַטן וואָס האָט געטונקעלט אין קבלה, אין גאָטפאַרכטיקייט —
אַ טרוימער פון דער געטאָ, וואָס איז פון צופיל חכמה אין דער וועלט אַנטרונען.

ביסט נסתלק געוואָרן אין אַזאַ עלטער, אַז מ׳האָט נישט געוואוסט צי מ׳דאַרף וויינען.
נאָך סיומי האָסטו אַסך פאַר אבלס געמאַכט זיי זענען טרויעריק היינט ווי אַ לויה.
ס׳לערנען נאָך דיר משניות אפילו די וואָס האָבן נאָך דיר נישט קיין קריעה געריסן.
פּזשעקופּקעס, וואָס האָבן אויפגעמונטערט פון דיין צוגעטראָגענעם ביסל וואָרעמס,
וועלן שטרעקן קוויטלעך צו דער מצבה פון חנה בת שלמה. ז׳ שבט תרצ״ה.

## א שלאָף קינד

דר. מ. שעוועל

דורך מיין פענצטער ציט חשונדיקע קעלט; ס׳צעשיט זיך דער ווינט איבערן דיל.
פונם ווינט בלאָזט זיך ווילד ס׳מסוכנדיקע ליכט איבער דער שטוב,
און רירט פון דער וואַנט דעם שטומען שאָטן פון דער וואַכעדיקער שוועסטער.
פון שלאָפן בעט צעטראָגט זיך אימהדיקער שפיטאָל־ריח פון לעצטע מעדיצינען.
די אָרעמלעך פונם קינד באַוועגן זיך לאַנגזאַם און דין אויפן אָפענעם קישן;
ס׳ציטערן די ליפּלעך פיבערדיק, און שלאָגן אויס מיט בלוילעך קאַלטן שוויס.
פאַרלאָפענע טרערן פון דער מאַמען, נעמען נאָענט אַדורך די גסיסה פון קינד.

שפּעטע נאַכט: כ׳גיי אַרום אַ דרויסנדיקער מיט שטילע טריט אויף פרישן שניי,
פאַרוואַקסן ס׳געזיכט, און שטאַמל צו זיך אַ גומער פון אַ הויז, אַ נאָמען פון
אַ דאָקטער.
כ׳קער אום די ווייטלעכע אויגן צו מיינע שרעקנדיקע שויבן פון פראָסט
און הויב זיי נאָריש צו דער נאַכט, ווי כ׳וואָלט וועלן רופן גאָט פון הימל.
וואָס פראָסטיקער די נאַכט — דאַרער, טונקעלער, גייט מיר נאָך דער שאָטן,
מיט לאַנגע הענט אויסגעצויגן אין ווייסער קעלט פון שפּעטע זאַווערוכעס.
פון נישט קענען ווייגען, שילטן, שרייט פון מיר אויס אַ הויל קול צו דער גאַס.

נאָענטע צווייגן פאַר דער שטוב שפּאַרן די פענצטער מיט אָנגעקאָוועטן אייז,
און ס׳שפּינוועבן די וועגט, די יום־טוב קליידער פון דער מאַמען, פונם טאַטן.
ס׳שיילט זיך דער קאַלעך פונם באַלקן; טירן עפענען זיך פייכטלעך שווער.
לעם קינד שטומט די מאַמע. ס׳שטייען אַפּטייק־פלעשער נעכטיקע און אייערנעכטיקע.
ס׳שלאָגט דער זייגער מיט אַן אומגעדולדיק ציפערבלאַט אין דאָקטערס
הײמלעכער האַנט.
און איבער דער שטוב שפּרייזט דער טאַטע, די ווייסע־שוועסטער און עמיץ פון
דער משפחה.

## נעגערס:

**נעגעריש דאָרף**

ס׳בליט דער הימל קאַלט און אויסגעשטערנט איבער נעגערישע כאַטעס.
אָפּגעריננענע וואַסערן פון מילדן שניי, גליווערן דין אין אייז.
קוימענס שטייגן רויכיק און טונקעל, נאָפּט פלעמלעך באַפּלעמלען די שויבן,
און דורך די שויבן זינגען נעגער אין אַ זונטיק, אין נעגערישן דאָרף.

ס׳איז היימלעך אין נעגערישן דאָרף אין אַ זונטיקדיקן ווינטער־אָוונט.
שוואַרצלייב אין הייסן זייד, לאַקערן אויף שטראָזן נאָך אַ נעגער יונג
און אַנטרינען גלוסטיקע מיט געלענדטע היפּטן פון ווילדע הענט,
דורך שכנותדיקע פעלדער, וואָס שטייען האַרט און שווער מיט נאַענטן־ווינט.

אין נעגערישן דאָרף, זענען קלוג די נעגער וואָס ווייסן שוין פון גרויסע שטעט,
וואָס טראָגן קליידער מיט שטאָטישן־שניט, און אַ וואונד פון אַ ווילדן מעסער.
פון זייערע פיס רירט זיך ריטמישער דזשעז, גליטשיק און גרינג איבערן דיל.
נעגערטעס זעצן זיך שעמעוודיק אויף זייערע קני, מיט אָפענע שויסן.

אין איטלעכן הויף, פאַר איטלעכער שוועל, ליגן רואיק געלאָסענע הינט,
די העלדזער אויסגעקראַכן, צוגעטשעפּעט צו אַ געפונען שטיק ברוכוואָרג;
זיי זענען באַרימהערציק צו אַ דורכגייער און עסן פון אַ פרעמדער האַנט,
און מאַכן היימיש אַ מענטש, וואָס שטעלט זיך אָפּ אַמאָל באַנאַכט אין נעגערישן דאָרף.

אין וואַלד, העט הינטערן נעגערישן דאָרף, העט הינטערן נעגערישן סמענטאַש,
טליען פייערן און שאָטענען־אָפּ אויף ברייטע געזיכטער, שווערע קופּערנע הענט.
העק פאַכען געשמאַק איבערביימער, אין דורכזיכטיקן רויך,
און ס׳ברעכן זיך שאַרפע צווייגן, טרוקן שפּרינגען אָפּ שפּענער אין דער נאַכט.

ס׳שטייט אַן אָפּגאָט אַזאַ ווי אומעטום, ס׳זינקט אַ קלויסטער אַזאַ ווי אומעטום.
נאָר אויפן סמענטאַש אַ שוואַרצער קברן, אַ שוואַרצער גלח, שוואַרצע מתים.
אַ לויה מיט אויפגעהויבענע אָרעמס, יעמערט פאַר אַן אָפן קבר אין יעלהדיקער תפילה,
און קיל שמעקט די צעגראָבענע ערד מיט אַ פריש טרונעלע, מיט אַ פריש געשטאָרבן־קינד.

# נ ע ג ע ר ס

ס׳דאַרף טרויערט דורך שכרות, דורך פּאַרכט און דורך מילדער שטאַמלונג.
ס׳טראָגט קיינער אויף קיינעם נישט קיין קללה, אויף אַלעמענס ליפּן אַ שטילע באַגריסונג.
אַ נר־תמיד אויפן קייזערוועג לייטערט „לינקאָלנס" געזיכט אין ליכטיקן טרויער
און ס׳קוקן זיינע אויגן אַראָפּ מיט אַזויפיל באַשערמונג צום נעגערישן דאָרף.

די לבנה גייט אויף אַ צעוואָרפענע אויף די פענצטער, אַ צעוואָרפענע איבער דעכער,
און גרינלעך־קיל, העלן אויף די שויבן; שוימיק, ווי אָוונטיק־וואַסער אין ווינט.
דורך אומעטיקע שפּיגלען אַנטפּלעקט זיך אויסגעטאָן אַ פלוצימדיק לייב,
און ברוינלעך־שווער ווערן די שטיבער ענג מיט וואַרעמען נעגערישן ריח.

ס׳טאָגט אויף דער מאָרגן איבער מאָגערע פעלדער. קינדער קויטיקן אין די וויגן.
טויבן רירן זיך פויל, קלאַפּן טרוקן מיט די פליגל און וואָרקן אויף נידעריקע נעסטן.
נעגערישע נאָנעס אין קליידער אַזעלכע ווי ווייסע, עפענען טרויעריק איטלעכנס טיר
און לאָזן נאָך זיך אַ שטיל ביסל עסן, אַ וואַרעם לייבל און אַ געוואַשן העמדל.

פונם נעגערישן דאָרף ציען קאַליקעס, און גייען זיך פאַנאַנדער אין פרעמדע שטעט.
די וואָס זענען שטום, בלינד, פירן מיט זיך אַ קינד, אַ ווייב, זאָל העלפן בעטן.
און די מיט צערונענע געזיכטער, מיט בלוטיקע אויגן און אויסגעשטאַרצטע ליפּן,
צעשטעלן זיך רחמנותדיק אויף די ראָגן, פאַרגייען אין שכרות און שטאַרבן קלוג.

## ברוקלין בריג

ניגרע דזשעדזש

פּאַרטאַגיקער רויך טליעט אויף אַ שטאָטיש פעלד אין אַ פּאַרטאַגיקן דעצעמבער,
פרעמד צעהייצטער רויך פון אַ פרישן נעגער־יונג פון נעגערישן דאָרף.
פון זיין געצעלט ווייעט צוגערירטער פראָסט, קעלט פון ראָסטיק בלעך,
און אויף אַנגעקליבן האָלץ — טרוקענען קליידער, אַ וועסט און אַ היימיש העמד.

אין שטאָט גייט ער אום אין שווערן ווינט אַ פאַרלוירענער און קיינעמענס נישט.
ס׳צעשיטן זיך זיינע טריט אין שניי, פון זיינע אויגן צעפּאַלט טריפנדיקע קעלט,
און אויפן געזיכט טריבט ס׳ליכט פון פּאַנאַרן, דער רייץ פון שויפענצטער.
ס׳באַגריסט אים קיינער נישט ; מ׳פרעגט זיך באַ אים אפילו אויף קיין גאַס נישט אָן.

אַ צעקנעפּלטער, אין אַ געפונענעם קאַפּעליוש וואָס אַ זאַווערוכע האָט עמיצן פאַרבלאָזן,
שפּרייזט ער לעם עלעגאַנטע רינשטאָקן און זאַמלט אָפּפאַל פון געריוכערטע פּאַפּיראָסן
און מיט אַ גוט האַרץ צעוואָרפט ער זיי אויף הינטער שוועלן וואו ס׳נעכטיקן בעטלער.
די וואָס זענען וואונדיק און שלאָף, פירט ער צו זיך אַהיים אויפן שטאָטישן פעלד.

זיינע ליפּן זענען טרויעריק ווי ס׳נעגערישע דאָרף און שילטן די שרעק פון שטאָט.
ס׳שטומט אין אים ס׳בלוט פונם טאַטן פעטערסאָן, די לעגענדע פון זיינע זיידעס.
פון זיין לייב רירט זיך די בייטש, וואָס האָט זיינע זיידעס אויפן מאַרק פאַרטריבן,
אין דער זון דעם טויט דערזען, און אויף די בייוול־פעלדער שוואַרץ אויסגעשטאָרבן.

ר׳איז מיט גרימצאָרן אין דער שטאָט אַוועק צו געשטאַלטיקן איטלעכן ווי זיך.
זיינע גלידער רייסן זיך צו באַשאַפן מענטשן טונקעלע ווי זיין לעגענדע,
שוואַרץ ווי זיין מאַמע, ווי זיין שוועסטער, ס׳איז ווילד אין אים די זרע
צו באַפרוכפּערן אַ פרוי אויף צו געבערן לייבער אַסך פאַר אַ שאַרצער וועלט.

ניו־יאָרק איז אָבער שטאַרקער ווי אַ לעגענדע, אַזעלכע ווי ער שטאַרבן אָן טרויער,
און אויפסניי מוז ער טאָגן אויפן מאַרק עמיץ זאָלן דינגען פאַר אַביסל געקעכץ.
ער ווערט באַרימהערציק צו זיינע שכנים וואָס שטייען מיט אים באַנאַנד אויף דער זון,
און די גלידער זיינע רייסן זיך שוין מער נישט אַזוי הייס, נאָר ווערן ווייך מיט גענאָד.

# נעגערס

ס׳האָט די שטאָט געשטילט ס׳פייער פון זיינע אויגן און די היימישקייט פון דאָרף,
איצט איז ער רחמנותדיק מיט אַ טרויעריק געזיכט, יונג־געשפּראָצטע האָר,
און לויטערט ווי אַ לעגענדע מיט אַ פאַרהוילענער נקמה פאַר די טאַטעס פון
קאַראָליינע.
באַנאַכט גייט ער אויף ווי אַ חלום, און זאַלבט זיך פאַרן שוואַרצן דערלייזער.

אונטער אַ מאַנטנעם הימל אַן זון, אַן וואָלקנס, מילד מיט שווערן נאַסן שניי;
בלאַטיקן זיינע הענט אין מיסט־גראַבנס. און קאָפּען אויף אַ נוצלעך שטיק אַלטוואַרג,
אַן איבערגעקליבענעם שוך, אַ פאַרזעענעם מלבוש, אָדער האַלץ פון
צעגראָבענער ערד.
פאַר זיין געצעלט וואַרטן צענויף־געזאַמלטע קליידער, צו דערנערן אַ מענטש פון קעלט.

צו זיין געצעלט אויפן פעלד, קערן זיך אום שלעפּערס, פרויען, שוואַרצע און ווייסע,
און ער האָט פאַר זיי קיין גאָט נישט, ער קען פון זיי קיין תּפילה נישט נעמען,
ר׳האָט בלויז דעם גאָב אַוועק־צו־שענקען ס׳ביסל אָפּגעשפּאָרט עסן פון לייטיש מיסט.
די רייד זיינע זענען ווי באַ אַלע נעגערס, אַן טרייסט, נאָר מיט אַ האַרץ פון רחמים.

כאָטש די זון וואָס שפּאַרט אַן אויף זיין געצעלט, איז ווי די זון פון דאָרף
איז עס אָבער די זון, וואָס פירט אים אַרום צווישן מויערן אין דער העלער שטאָט
און פאַרוואַרפט אים אויף אַ רווישיקן ראָג מיט אַ נאַריש פּנים און בעטנדיקע ליפּן
און די אויגן זיינע זוכן אַ מענטש פון דער קעלט צו פאַרקויפן ס׳היימישע העמד.

## ב ר ו כ ו ו אַ ר ג

### „לאַנדרי“

קוימענס אין ווייסן בלעך בלאַנקען מיטאָגדיק אונטער אַ הויכער זון,
און מאַכן סוחרדיק די גאַס, גרויסשטעטיש דעם האַדסאָן און די האַפּנס.
די לאַנדרי באַם האַדסאָן האָט אַסך אַזעלכע קוימענס, אַלע רויכערן מיטאַמאָל
זיי שרייען ווילד צו דער גאַס און איבער צערויכערטע אויסלענדישע באַרטנס.

שווערע פענצטער אויף די שויבן זעצן אויס די פייכטקייט פון צעפּאַרעטע וועש.
נעגערישע הענט פאַרווישן דעם ריח פון ברוד; העמדער ווערן ווייס און עלעגאַנט.
אונטער שוואַרצע הענט בלענדט ווייסער די האַרטקייט פון קראַכמאַליעטע לייוונט,
בוזימס בויגן זיך שוואַרץ פון פּרעס און באַרירן די היימישקייט פון פרעמדע וועש.

ס׳איז טונקל. ווענט זענען שווייסיק־שווער און רינען ווי פעלדז אין נעפּל.
פאַראַן בלויז ליכט, וויפל ס׳שלאָגט צוריק פון ווייס צעהאָנגענע יילעכער.
אינם ליכט גיסט אויס טונקעלער שווייס אויף עלבויגנס און געזיכטער.
אויף די שטריק — ווייסער שרעק; אָפענע אויגן קוקן שטום אינערגיץ נישט.

ברייטע אויגן, ווילדע נעז מיט פולע ליפּן און דיקע פלײשיקע לענדן.
אזיינס טראָגן דעם כח פון נעגערישע אָרעמס, פלינקייט פון יונגע פינגער;
קאַלנערס לויפן אָפּ שטייף מיט שנעלער פּאַרע, ווי וואָרעמער שטויב אין ווינט.
אין האַלבן טאָג מונטערן אויף די וועשערנס טרויעריק און קיל אויף טראָטואַר.

אין דער שעה פון הויכער זון בענקען זיי רואיק צום נעגערישן דאָרף.
אויף זיי איז שווער צו דערקענען צי די פּנימער זייערע בלייכן אָדער צערן.
אַז זיי מאָגערן, ווערן ברייטער נאָך די נעז און שווערער הענגען די ליפּן.
נעגערס האָבן אַ טבע צו בייטן די הויט ווען ס׳רינט פון זיי בלוט.

אין טונקעלן אָפּגרונט פון נעץ, פלאַמען קעסלען מיט געשמאָקן גלי און היץ;
נאַקעטע הענט פון הוילע נעגערישע ברוסטן וואַרפן האַריק געגעצטע קוילן.
פון שווערן פייער גלאַנצן לייבער דער אָפענער היץ אַנטקעגן און בריען מיט בראַנד.
טרוקן ברעכן זיך דורך־געברענטע הויטן נאָך איטלעכן בויג פון רידעל.

# נ ע ג ע ר ס

וואָרעמע רימענס יאָגן ווילד אויף שטאָל איבער רויטע אָקסלען און טריפן מיט אויל.
איטלעכעס מאָל טריפט אָפּ אַ פרישער טראָפּן און צערינט איבער שלייפן פון נעגערס,
און מ׳ווייסט נישט צי ס׳איז בוימל, צי אויסגעשלאָגענער שוויס וואָס רינט אַזוי,
וואָרים די גופים גלאַנצן סיוווי ווי קופּער — ווי די הויט אויף אַלע נעגערס.

פון די קעסלען זידט דער ריח פון געטראָגענעם גרעט און ס׳שמעקט פון בעט, לייב.
נאַסע הענט פון פרויען ציילן פּאַרזיכטיק פייכטע שטויסן געוואַשענע בונטן.
זיידענע בלוזן פון ווייסע אַקסלען, פון גלאַטע דעקאָלטן און פלאַכע בריסט,
טראָגן נאָך שפּורן פון איידעלן פּערפום, פון גלוסט און געפלעקטן שאַמפּיין.

אין דער לאַנדרי באַם האָדסאָן צעפּאַלט די פרישקייט פון נעגערישע דאָרפס קינדער.
צופיל היץ צענעמט זייער אָטעם און צעעפנט זייער מויל מיט שטילן פּראַכן.
זיי גאָרן נאָך טרייסט, נאָך חרמנות; מיט אַסך גענאָד בענטשן זיי דעם זיידן פעטערסאָן
און זינגען באַ די פּרעס־אייזנס די זונטיקדיקע לידער פון נעגערישן דאָרף.

אַז שיפן טליען מיט רואיקן רויך און ווייטן ליכט איבערן שפּעטן האָדסאָן,
קרייזן זיי פּרעמד אַרום אין ווילדע קליידער מיט אויגן וואָס שרעקן די ראָגן,
און נעמען היימלעכקייט פון איטלעכער גאַס, פון פּאַנאַרן און פּרעמדע געלעכטערס.
אַמאָל שטרעקן זיי די הענט צו פאַרבונדן אַ וואונד פון אַ שלעפּער, פון אַ שכור.

## האַרלעמער נעגערס

אונטן וואָס פאַרגעסן אַמאָל צעצונדן די שטערן אויפן האַרלעמער הימל,
רינען אַפּ פונם עלעוויטער מיט טונקעלן רעגן און שטאָלענער פּוילקייט,
און פירן נאָס אַהיים אַ שווערן נעגערישן טאַטן צו זיין הויזגעזינד
און אין זיין שטוב פאַרען די ווענט מיט אויפגעלייגטן ריח פון געקעכצן.

הענט וואָס ציען מעבל דורך הויכע פענצטער, פאַרציען ס'שלאָפּצימער מיט ראָלעטן
און גלוסטן צו ברייטע בעטן, צו אַ געשפּאַנטן קאָרסעט פול מיט שוואַרץ־לייב.
אין דער פינצטער באַנאַכט זענען במילא אַלע לייבער שוואַרץ און ווילד,
און נעגערס, צווישן זיך, ווייסן שוין וועלכעס פּנים פון אַ נעגרטע איז שיין.

פון אַזאַ נאַכט, פון אַזאַ פּשוטער גלוסטונג וואַקסן אויס האַרלעמער נעגער יונגען;
טעכטער וואָס ווייסן, אַזוי ווי ווייסע, צו פאַרציען אַ היפּט פאַר אַ מאַן אין גאַס
און קענען שטייפן דעם גוף, וואַרפן די ברוסט מיט רייץ אונטער זיידענע בראַזירן
ריטמיש פאַר באַזאָפענע מענער, מיט הייסן געזאַנג פון נעגערישע מעלאָדיעס.

האַרלעמער נעגער־יונגען זענען שטאָטישער ווי אַנדערע פון אומעטום ניו־יאָרק.
זיי זענען בלייך־הויטיק און טראָגן שטענדיק אַ געפּרעסטע הויז, אַ לאַקירטן שוך,
מאַנזשעטן מיט פּערלמוטערנע קנעפּ, פרישע קרעגן אויף אַ טונקעל־געשווירענעם קאַרג,
און אויף די פינגער עלעגאַנטע רינגען, קלוגע מאַנירן נאָך ווייסער באַהעפטונג.

## נ ע ג ע ר ס

ניגראָ׳ס לעצטע טעג

ער גייט אויף מיט דער זון באַנאַנד צווישן האָפּנס און אויף וואַקזאַלן,
מיט אָדערדיקע אָרעמס, אין קליידער פון האַרטן לעדער אָנגעגורטן מיט טרעגער־שטריק;
זיינע הענט רירן זיך שלאָף אין דער זון, ווען זיי ציען מעבל דורך פענצטער,
ווען זיי לאָזן קאַסטנס אָנגעשפּאַנט אויף שטריק פון די שיפן צום באָרטן אַראָפּ.

ער גייט אויף מיט דער זון באַנאַנד לעם שלאַכטהייזער, ווילד ווי אַ וואָליע יונג,
און לאָדנט פאַר יאַטקעס געשוונדענע פליישן, פעלן און פעסער מיט געפּרעסטע־הינער.
זיינע הענט שינדן נישט, טרייבערן נישט, ווייל זיי קענען פאַרמיאוסן ס׳פלייש,
און ס׳פאַרטוך אויף אים ברעכט זיך האַרט פון פאַרטרוקנט בלוט און דיקן חלב.

טרויעריק, מיט פולע אויגן און מיט ווינט אין שווערן געזיכט
קרייזט ער רעגנדיק דורך נעכט און דורך הינטער־הויפן פון ראָסטיקן ברוכוואַרג.
זיינע אויגן גלוסטן צו זעטיקע אויסלאָגן און צו פענצטער, היימישע־שטיבער,
ס׳העמד זיינס וויל ברודיק צעפאַלן אויף אַ פריש בעט פון אַ מילד ווייב.

אויף שטיינער פון מיטן טראָטואַר נעכטיקט ער דורך די שטאָטישע נעכט.
נעכט פון טרוקענע ווינטן שוידערן אויף זיין שלאָף, נעמען דורך ס׳לייב;
די אויגן קוקן אויפגעכאַפּטע צום הימל און באַנעמען בלוי די לערקייט.
זיי טראַכטן פון דער וועלט, און איבער אים שטילט אַ לבנה הויך און יונג.

אין אַן אָפּענעם פאַרטאָג קען מען זען אויף אים אויפגעשלאָגענע שלייפן.
קניען שטאַרן שוואַרץ דורך גרינגע קליידער און פון די אויגן גיסט זיך קעלט.
זיינע וואונדן זענען נישט די שפּורן פון אַ געפעכט, נאָר פון שווערער שכרות,
פון אַ האַרטן פאַל צו אַ מויער אָדער פון אַ שטרענגען שטויס פון אַ גאַסן־היטער.

אויף דער זון פון אַלע טאָג שטייט ער הונגעריק לעם נאַרישע מויערן;
אונטער די פיס זיינע ווערן די ראָגן הכנעהדיק מיט לעגענדישן טרויער.
אויף זיין פּנים שלאָגט אויס די פרעכע בייטש מיט געלעכטער פון טאָמס־קאַבינע,
ער ווערט פאַרכטיק ווי די שקלאַפן־פעלדער און גענאַדיק העלט אויף די שרעק
אויף זיינע ליפּן.

גענאַדיק באַרירן זיינע ליפּן די קעלט פון גראַטעס; זיי שפּאַרן דורך ווילד און שוואַרץ.
זיינע אויגן — שרעק פון קרימינאַל, פון די לעפצן רייסט זיך ס׳קויל מיט רחמנות,
ווייל אין אים האָט זיך געעפנט שוואַרצער גלוסט, גלוסט צו אַ ווייסער פרוי
דורך אַ צופעליקן בלענדט פון אַ קני, אַ ווייסער, און ווייטער גאַרנישט מער.

הענט ווי באַ אַלע מענטשן לאָקערן מיט ווייסע שטריק נאָך זיין שוואַרצן האַלדז,
און ער וואַרפט זיך נעגעריש-פריש אויף אַסך אָרעמס אין העלן טאָג פון זון,
ער ווייטיקט אינם געלעכטער פון ווייסע פינגער און רופט גאָטס נאָמען
און מיטן נאָמען בלייבט ער הענגען אויף אַ בוים ביז ער צעפאַלט אין ווינט.

# נ ע ג ע ר ס

לינטשינג

ס'פאַרציקן דיך ווייסע ווילדע הענט, הענט מיט אַ געפּונענעם שטריק,
און ס'קרייציקט אַ יולי־בוים דיין נעגערישן האַלדז;
אין זיין שווערער רייפקייט, אין זיין פולער בליאונג.
אין דער סאָמער גרינקייט פון בלעטער איז האַפטיקער די צווייג
זי ברעכט נישט אָפּ אונטער די פּעטליע.
דער זון אַנטקעגן קלעקט דיין האַלדז מיט סמנים פון תליונס פינגער,
בלעטער שלאָגן אויס אין טוי ווי אַלעמאָל און רירן זיך לינד ווי אַלעמאָל;
און זיי פילן נישט אַז דאָס טרייסלט זיי אַ ווינט פון אַ געהאַנגענעם.

הענגסט שוואַרץ אין געשינדענע קליידער.
די שאַנד דיינע שטאַרבט אָפּ אָפּן און יונג.
גראָב שווערן אַראָפּ די פאַרלאָשענע ליפּן
און פאַר איטלעכנס אויגן שטומט דער בלענד פון דיינע שטאַרקע ציין.

גאָט, פאַר וועמען ס'האָט געטרערט דיין זינגענדיק געבעט אַזוי טרויעריק,
קען זיך פאַר דיר אַצינד נישט ווייזן, ס'שפּאַרן אים די פיס, די צוגענאָגלטע הענט,
ער קען אפילו נישט אָן אויג עפענען מיט אַ טרער נאָך דיר,
אָדער אָננעמען ס'לעצטע וואָרט דיינס פאַר אַ וידוי, ר'איז אַליין געקרייציקט.

נעגער!
ס'בליט דיין גוף אין אַ זומער־טאָג כאָטש דו הענגסט, כאָטש דו זעסט די זון נישט מער.
ס'וויבּ דיינס וואָס בעט אויס איר אָוונט אויף אַ זייטיקער שוועל אין אַ גאַס,
און דעם טאַטן וואָס ציילט שטיקער חלב איטלעכן פאַרטאָג אין אַ יאַטקע־וואָגן.

נעגער, ניט אויף דיר בלויז איז געפאַלן דער גורל פון פאַרלענדונג.
אַסך, אַסך, שטאַרבן אַזוי ווי דו. אַזאַ טויט איז איצט אַ מאָדע אַזאַ,
אַזוינאָך שטאַרבט מען היינט אומעטום — — —
אין וועדינג, אין דער לעפּאָלד־שטאָט און אין קאַראָליינע.

## יונגען פון דער וואָליע:

**שחיטה**

קילע וועגט מיט שאַרפֿע שטאָלענע העגגערס.
לאַנגע, שמאָלע בלוט־קאַסטנס פֿון רויטן צעמענט.
אויף די הענגערס הענגען קעלבער מיט איבערגעשניטענע העלדזער;
לונג און לעבערס שטאַרן אַרויס פֿון אויפֿגעשניטענע בייכער,
און פֿון די שלייפֿן קוקן די אויגן נאָך אַפֿיר ווי לעבעדיק.
בלוט טריפֿט שנעל; פֿון טריפֿן שלאָגט אַ פּאַרע.

ס'ראַיען פֿליגן אין די ברייטע נאָזלעכער פֿון נבלות,
און די וואָס האָבן אַ האַרץ פֿון אַ קצב שינדן די פֿעל,
טרייבערן, שניידן אויס די אָדערן פֿונם חלב.
קצבים מיט שווערע שטעקנס שלאָגן די אָקסן איבער די קנאָכנס.
זיי רייסן אויף די געמבעס, און ציילן די יאָרן אויף די ציין.
אין שעכטהויז וויינען די בהמות אַזוי ווי מענטשן;
און דער וואָס שעכט — שטילט דאָס געוויין מיט אַ חלף.

# יונגען פון דער וואליע

יונגען פון דער וואליע

יונגען פון דער וואַליע, די שטאַרקסטע אין שטאָט ;
פייערדיקע, מיט גרויסע גזשיוועס איבער די אויגן,
און מיט געזונטע קצבשע פּנימער, אַקסלען וואָס טראָגן געשאָכטענע קעלבער.
פון טרייבן קעלבער האָבן זיי האַרטע הענט, פון שינדן נבלות גלאַנצן די קליידער
און שמעקן מיט שעכטהויז, מיט פרישן בלוט, מיט יאַטקע און רויע פליישן.

אין אַ יום־טוב־טאָג האָבן זיי ליב צו פּוצן זיך אין זעלנערישע מונדירן,
קורטקעס מיט מעשענע קנעפּ, אויפגעשטעלט די הויכע קעלנער,
און לעדערנע דאַשקעס פאַררוקט אין אַ זייט אָפּעצירישׁ.
רייטהויזן, לאַקירטע שטיוול, מיט שטילעטן אין די כאַלעוועס,
שפּאַצירן זיי מיט כלות ריטמיש נאָכן קלאַנג פון זילבערנע שפּאָרנס.

מיילער האָבן זיי, ווי זייערע מאַמעס די פּזשעקופּקיס,
וואָס שליענטשען אָן אין קעלטן מיט אויבסט אין מאַרק
און קענען שילטן מיט בייזע קללות.
פון בלאָזן פייער־טעפּ האָבן זיי צעפּאַדערטע ליפּן ;
פון קוישן, זעק און רעגנס פוילן אויף זיי די קליידער,
און נעגל האָבן זיי שאַרפע וואָס קענען מאַכן וואונדן.

יונגען פון דער וואַליע, פון טאַטעס מיט באַן־פיאַקערס,
און פערד, וואָס לאָזן זיך אויסגעשפּאַנט אויף פרעמדע לאַנקעס פּאַשען.
פון זייערע רייד פילט זיך בראָמפן מיט טרוקענעם ריח פון ביליקן טיטין ;
און האָבן נישט קיין בושה צו קאָפּן די מאַמע, דעם טאַטן און די שוועסטער,
און צו וואוינען מיט ווייבער פון באָרדעל.
פון צופיל ווייבער גייען זיי אַרום מיט נאָכגעלאָזטע טריט,
און פון אויף־זיין לאַנגע נעכט טריפן זייערע אויגן.

## ב ר ו כ ו ו אָ ר ג

אין פוילישע ווינטער־נעכט בלאָנקען אום זייערע שוועסטער,
און האָבן ליב די ליבע לעם אַ גאַסן־טויער אונטערן פאַל פון שניי,
פון אַ הפקר־יונג, עפּענען זיך זייערע בריסט נאָך זייגנדיקע קינדער,
און ווערן מאַמעס באַם טריבן שיין פון אַ גאַסן־לאָמפּ.

יונגען פון דער וואָליע, די שטאַרקסטע אין שטאָט:
פייערדיקע, מיט גרויסע גזשיוועס איבער די אויגן,
און מיט געזונטע קצבישע פּנימער, אַקסלען וואָס טראָגן געשאָכטענע קעלבער.
פון טרייבן קעלבלעך האָבן זיי האַרטע הענט, פון שינדן נבלות גלאַנצן די קליידער
און שמעקן מיט שעכטהויז, מיט פרישן בלוט, מיט יאַטקע און רויע פליישן.

יאטקעס

פריש־געשונדענע פעלן הענגען ווארעם און אויסגעהוילט, טריפן פון זאלץ.
צעמענט־דילן שלאגן מיט פעטן ריח פון צעטראטענעם חלב.
אנגעלאפענע הינט באהאכן פארטאגיקע טירן, באשמעקן נעכטיקע ביינער,
און ס׳גלאנצן די שוועלן אפגעריבן, פון זייערע נעז, פון זייערע צונגען.

קצבים אויף שווערע פלייש־פורן באלאדענען שטארקע, מענערישע אקסלען.
ווענט פון אייזן־באטאן צעקילן די געזיכטער און צעפארען די פליישן.
פון הענט רינט אפ פייכטע קעלט, אויף די פינגער טרוקנט בלוט,
און אויף די קליידער קלעפן אפגעשפרונגענע שטיקלעך רוי־פלייש.

קעפ און אויפגעשניטענע בייכער ציען שווערע געוויכטער אויף דער וואג.
פון הילצערנע פעסער שפארן געפרעסטע פליישן שוויסיק פון זאלץ.
אויפגעבלאזענע פענכערס הענגען גרינג און אנגעצויגן, טרוקענען שטייף;
און גוים מיט גראבע שארפן האקן די קנאכנס. פאר די קלעצער לאקערן הינט.

ס׳הענגען לעמער טרויעריק, געקוילעט מיט דער טבע פון שליסן די אויגן נאכן חלף;
אויף זייערע בייכלעך הענגען די מאמע־בריסטלעך פריש, נאך ווי לעבעדיק.
לעמער אין די יאטקעס הענגען גאנץ; פארמאכט די גופים אין גרוי־ווייסער וואל,
געבונדן די פיס; אויף די קלאען איז נאך פאראן שפורן פון בלאטיקע לאנקעס.

קצבטעס טרייבערן די פליישן, נאך איטלעכן ריר ציטערן לויז די בריסט.
אין א קצבטעס האנט בלאנקט מילד דאס מעסער; ס׳פיבערט וויס דער נאענטער דעקאלד,
די ווארצלען שפאנען גראב און דורכזיכטיק דעם בוזים גלאנציקע־בלוזע.
מעסערס, העק, ליגן שארף און סארטירט הינטער גלאז, זאלן נישט ראסטיקן.

יינגען אין ווילדע האר און מיט ברודיקע פינגער גרייטן די אקסן צום חלף;
נאר זייערע ברייטע פיס שלעפן זיך הינט און פארצוקן די סמנים פון די טריט.
פארטאגיקער טוי טייעט אויף די צעבייטשטע פעלן פון אנגעיאגטע פערד,
און ס׳טריפן פריש די פורן מיט בלוט פון רויען פלייש פאר אפענע יאטקעס.

### פאַרטאָגיקע הינט

הינט פון פאַרטאָג — מאָגערע, הויכע, שטילע און פאַרכטיקע,
וואָס האָבן אַ טבע צו גיין אָפּגעזונדערט אויף אַ געלאָסענעם קייזער־וועג,
הינט וואָס לעקן אַמאָל אָפּ פאַרטרוקנט בלוט פון אַ יאַטקע־וואַנט
זייערע צונגען זענען הייסע וואָס קענען אויפטייען אַ געפרוירענעם קצב־שטריק.

הינט פון גלוסט אין זאַווערוכעס, הינט פון ווילדן געפּעכט נאָך אַ ביין,
אויף זייערע רוקנס שיילן זיך געשלאָגענע פעלן, אָפּגעריסן פון ראָסטיק מיסט.
זיי בלאָנקען אַמאָל מיט אַ וואונדיקן פוס אין קעלטן איבער האַרטע פעלדער,
מיט שפּורנדיקע נעז אויף וואַלד־שליאַכן, נאָך די טריט פון אַ פאַרציקטן יעגער.

אויף טונקעלע טראָטואַרן שוימען זייערע צונגען, די אויגן שטאַרן מיט בליאַסק.
שטייף לאָקערן די עקן נאָך באַהעפטונג צו אַ היימישן הונט ביז ס׳לויפט אָפּ די נאַכט.
הינט פון פאַרטאָג — מאָגערע, הויכע, שטילע און פאַרכטיקע;
פאַר אַ פלוצימדיקן קלאַפּ אין ווינט, לויפן זיי געשווינד אָפּ אין שרעק.

ווינטער, ווען פרעסט ברעכן דעם גאַנג אין גאַס און לבנה צעגליטשט דעם שניי,
ציט די פאַרע פון זייערע פעלן, ווי פון אַ ווינטער שויב אין אַ זוניקן טאָג.
פאַרטאָג זענען זייערע נעז ווייס מיט פאַרלאָפענעם פראָסט און שאַרף נאָך רוי־פלייש.
זיי שטאַרבן טרויעריק — פאַרשטאַרט פון קעלט און שטעקנס, אין אַ פאַרשאַרטן
רינשטאָק.

ראַטיש דער וועליע יונג

אַזאַ יונג מיט לאַכעדיקע ליפּן, ראָזעווע באַקן און בראַנדיקע הענט.
אינם לערן מאַרגן הילכט אַפּ זיין פּאַרטאַגיקע בייטש איבער פרישע אָקסן.
אַזאַ טבע באַ אים אַרומצוגיין אויף טאַרגאָוויצעס באַטאַפּן קעלבער;
פון אַ יונג געשאַכטן לעמעלע אַראָפּציען די פעל אַן אַ מעסער.

פון זיינע רייד הויכט וואָרעמע גבלה־פאַרע, ריח פון פערד און שטאַלן,
און די קליידער זיינע זענען שווערע און שטענדיקע פאַר זומער, פאַר ווינטער;
אַ ראָק פון פערדס פעל, די אַרבל מיט בלוט־פאַרקלעפּטע שטיקלעך פלייש.
אַזאַ יונג מיט לאַכעדיקע ליפּן, ראָזעווע באַקן און בראַנדיקע הענט.

אין אַזוינע קליידער און אַזעלכע הענט שפּאַצירן מיט אים מיידן.
דינסטן מיט צערודערטע בוזימס, זייערע נאַפּלען גלוטיקן צווישן זיינע ליפּן.
אַזאַ ווילדקייט אין אים פאַראַן, וואָס מאַכט אַ לייב פון אַ פרוי אומבאַהאָלפן;
ס׳צעפאַלט מאַט און נאָכגיביק פון זיינע הענט, הייס צו דער ערד אַראָפּ.

לעם פריע יאַטקעס וואַרט זיין מאַמע נאָך אומזיסטיק גבלה־פלייש.
אירע עלבויגנס זענען פאַרפעטצט פון קושן חלב; דער שלעפּ — האַרט פון געטרוקנט בלוט;
קעלטן ברעכן די הויט פון אירע הענט און צעיאַרזשען די פינגער אין וואונדן.
אין איר פוילער שטוב באַהעפט זיך די טאָכטער מיט אַ זעלנער אין העלן טאָג.

ראַטיש זינקט אַ פאַרלאָרענער אויף אַ טונקעלער שוועל מיט אַ הייסער שויס;
אין זיינע פעסטע קני ראַנגלט זיך אַ יונגע פויערטע ווילד אויף אַ היימישער גאַס;
אַ צעשויבערטע שיקסע מיט אַ שכורן האַלדז געפרעסט אונטער זיינע ציין;
און אין אַזאַ רגע פון אַ נאָענטן האַלדז, גלוסטן זיינע הענט נאָך אַ חלף.

## שעכטהויז

קיל און ווייך רוישט דער בלענד פון חלף אויף שטיין.
ס'פּרואווט די שאַרף זיך אויף נעגל פון פאַרבלוטיקטע פינגער.
און שאַרף, רויט, גייט אויף דער טאָג אויפן האַלדז פון אַ קאַלב.
אונטערן שניט צאַפּלען די געבונדענע פיס איטלעכע רגע.

אַז די קעלבער הענגען געקוילעט, בלייבן שטייף אָפן די אויגן;
די צונגען אינדרויסן הענגען פאַרקלעמטע צווישן די ציין.
וואַרעם עפענען זיך די בייכער און גליווערן פריש אין די פינגער.
ס'גליטשן זיך מילצן פון די הענט, און ס'זינגען גוים באַם שינדן די פעל.

אויפן וועג צום שעכטהויז שטומען די בהמות אונטערן הייסן ריט.
די פעלן לויפן אויף דיק און נאַס און שלאָגן שווער מיט צעהיצטער פאַרע.
די וואָס גלוסטן צו טרייבן רינדער — האָבן אָנגעיאָגטע געזיכטער,
און טראָגן שטענדיקע שטריק, גרייטע חתימות צו זיגלען אַ געשאָכטענע בהמה.

פאַרן שלאַכטהויז שווערן אַריבער וועגענער מיט יונגע לעבעדיקע קעלבער.
אין שעכטהויז הענגען די קעפּ, די לונגען, סאָרטירט און טריפן באַזונדער
און אויפן דיל ליגט אַ פאַרוואַלגערט אויג, אַ צאָן, אַן אָפּגעשפּרונגענער קלאָען.
פאַרטאָגיקע הינט, מיט אָפּגעריסענע שטריק, לעקן ס'בלוט פון די קאַלטע ווענט.

# יזנגען פון דער וואָליע

## אַ ממזר פון דער וואָליע

ר׳איז ווילד מיטן בלוט פון אַסך טאַטעס,
ווייל ס׳האָט די מאַמע זיינע זיך נאַקעט אויסגעטאָן פאַר געלט.
כאָוועט ער זיך אַ שטאָטישער לעם טאַרגאָוויצעס און שעכטהייזער,
און ס׳ווייסט קיינער נישט אויף דער וואָליע צו וועם ער געהערט.

פון שרעק פאַר כל־נדרי ציט ס׳האַרץ זיינס נאָך תפילה.
ער ווערט גאָטפאַרכטיק צווישן אַסך געל, געצונדענע ליכט,
ווען ס׳רירן זיך אויף די ווענט קיטלען, קעפ אין געהילטע טליתים,
און ער וויינט צו גאָט, פאַרוואָס ר׳האָט אים נישט פאַר אַ פרוי באַשאַפן.

ער וויל געשטראָפט ווערן ווי די מאַמע, זיך באַהעפטן מיט איטלעכן מאַן,
און ס׳געבערנדיקע לייב מיטן קינד צו דער ערד אָפּגעבן.
ער שילט דעם באַשאַף וואָס האָט אויסגעוואַרעמט דער מאַמעס לייב,
און טוט תפילה מיט פחד, ווי ס׳וואָלט פאַרן עמוד שטיין גאָט.

## ב ר ו כ ו ו אָ ר ג

### די וואָליע

שטערן איבער דער אַוונטיקער וואָליע אַנטפּלעקן זיך וואָרעם אויף אַ גרינגן הימל
און פאַרשכורן פענצטער פון וויינקעלערס, פענצטער פון הייסע באָרדעל־הייזער.
דערשראָקענע קאַשטאַן־בלעטער, ציטערן אין טריבע פּאַלדן אונטער גאַז־לאַמפּן
און באַשאָטענעם שפּאַצירנדיקע, גאַסן־פּנימער, מונדירן פון שפּעטע זעלנער.

אויף קעלער־שטיבער ראָסטיקן טרוקענע שלעסער, געל מיט אָפּגעשיילטן זשאַווער.
ס׳טונקעלן אויסגעשפּאַנט, פיאַקערס. פערד מיט צערייצטע נאָזלעכער פון היי־ריח
שוימען די געמבעס און צערוישן, ווילד די צוימען פון בענקשאַפט נאָך שטאַלן
אַזוי טרויעריק, אָוונט די וואָליע אויף נאַסן מיסט פון באַטאַגיקע בהמות.

אויף דער וואָליע איבערנעכטיקט די הכנעה פון געציילטע קעלבער פאַר דער מאָרגן שחיטה
און איבער די קעלבער וואַכן יונגען מיט שטריק, לאַמטערנס, אויף צעשאָטענעם שטרוי.
פויערטעס אויף פאַרבליבענע פורן דרימלען איבער חזירים אין פאַרבונדענע זעק
און לעם צענומענעם געשפּאַן, שטייען אָפּגענוצטע פערד מיט איבערגעפּרעסענע בייכער.

באַנסיגנאַלן רייסן דורך די פינצטער מיט רויך פון איבערשיבנדיקע לאָקאָמאָטיוון
און פינצטער צעפּאַלט דער ריח פון קוילן, פון נאַפט־וואַגאָנען און אָפּגעשטיגענע רינדער.
פאַר אָפענע מאַגאַזינען זינגען טרעגער־יינגען מיט אָנגעזעצטע שיקסעס אויף שויסן ;
און ס׳רויטלען זיך גלוטיק זייערע געזיכטער אין קאַלטע נעכט ,אין ווילדן גלוסט.

די נאַכט בלויט קאַרג אויף שלאָפנדיקע וויעס פון קצבטעס, פון מאַרק־אידענעס ;
די קליידער זייערע זענען זאַרגנדיק און שטיל, די פינגער־שפּיצן, גלאַנצן גראָשנדיק.
פייערטעפּ און באַרעגנטע אויבסן וועקן, פויל די בענקשאַפט צו אַ קעלער בעט.
טרויעריק אַזוי זענען אַלע שעכטהייזער, אַלע וואָליעס פון אַלע פוילשע שטעט.

## שעפּסן

**אויף זייערע פעלן קען מען נאָך זען די שטילקייט פון זוניקע בערג,**
**און אין די אויגן — דאָס אַנטשוויגענע לשון פון מילדן פּאַסטוך.**
**ניו יאָרקער פּראַכט־וואָגנס לויפן מיט זיי גרינג, אַנגעדרענגט און שטום.**
**די העלדזער אָנגעשפּאַרט אויף די רוקנס איינער אויפן אַנדערן,**
**די קעפּ וואַלגנדיק צו די בייכער געטוליעט פון שרעק פאַר ניו יאָרק.**

**שטריק האַלדזן זיי צו עטלעכע נאָכאַנאַנד לויט דער סטאַדע, לויט דער וואָג.**
**אָפּגעשוירן די וואָלן ציטערן זיי קאַלט אין אַ ווייסן שבט איבער מאַנהעטן־בריק;**
**ס׳וועגדט קיינער נישט אָפּ אויף זיי קיין אויג אָדער אַ גלעט פון אַ האַנט.**
אין געשווינד פון ניו יאָרק שפּירן זיי דעם ווילדן וועג צום שלאַכטהויז,
**און שטום צעפּאַלט שעפּסענער געגאַד איבערן איילנדיקן וועג צום חלף.**

* * *

**פירמאַל הונדערט שעפּסן הענגען צום דיל אַראָפּ, מיט פאַרלאָפענע העלדזער בלוט.**
**די וועגט אין שעכטהויז זענען אויפגעלייגט מיט אָפּגעשלאָגענער זון,**
**מעסערס פיבערן פלינק אין די הענט פון רויט־פּנימדיקע גוים;**
**נאָר פון אַ שעפּס שינדן זיי נישט די פעלן נאָכן חלף, זיי הוילן נאָר די בייכער.**
**היגע קצבים האָבן אַ טבע אויפצוהענגען אַ שעפּס, ווי לעבעדיק אין די יאַטקעס.**

**שעפּסן אין ניו יאָרק קען מען גרינג פאַרזען, כאָטש מ׳פירט זיי אָפענע אַדורך,**
**ווייל מערסטנס זענען גרוי, און גרוי בייט נישט די פאַרב פון היגע מויערן.**
**ניו יאָרק איז צו גרויס צו טרויערן נאָך שעפּסן, אפילו נאָך רינדער וואָס שרייען.**
**ס׳פאַלט אימהדיק אויף זיי דער וואונדער פון אַזאַ שטאָט, מיט פּחד קוקן די אויגן.**
**הי, לאָזן זיי נישט נאָך זיך קיין קלאָגנדיקן שטויב, נאָר אַ מעת־לעת פון פּאַסטוך**
**צום חלף.**

## מענדזשן סטריט:

**לויה**

א מענטש טונקעלט לעם אַ טויער און שילט דעם טאָג פון נאָוועמבער.
אַ ייד אין באָרד, אין שאַל, ברעכט דעם ווינט מיט אַ פּושקע: צדקה תציל ממות.
דער מענטש וויינט נישט נאָר גייט געבויגן נאָכן רוי־געהובלטן קאַסטן
און פירט מיט מיט זיך אַ דערוואַקסן קינד שטיל אויף שנייאיקן אַספאַלט.

ווייכע רעדער אין דער נעץ פירן אַ פרישע טויטע־מאַמע ווייס צו קבורה.
נאָך דער לויה יעמערן שכנים, פרויען רייסן זיך פון מענערישע אָרימס.
קינדער אין דער פאַרבליבענער שטוב שפּילן זיך ווי אַלע טאָג נאַקעט אויפן דיל
און וואונדערן זיך נישט אויף די פאַרהאַנגענע שפּיגלען, אויף דער מאַמעס לער בעט.

באַנאַכט, וועט די מאַמע צעגראָבן דעם קבר און זיך לאָזן צוריק צו דער שטוב
און מיט די קרוכלע פינגער אויפפרישן ס׳וויגל פון קינד מיט ריינעם געוואַנט,
צעשפּילן די תכריכים און שטופּן די הוילע ברוסט צו די ליפּלעך פון ערשט
געבוירן קינד
און דערנאָך אויסוואַשן אַלע ווינדעלעך און זיי צעהענגען אויף שטריק אין דער נאַכט.

דער לעבעדיקער טאַטע וועט אין אַ שטאָט וואו שטרעקן חשונדיק די האַנט צו
דער גאַס.
ער וועט אַרומגיין אין דינע קליידער און זיך לערנען באַגריסן דאַמען און הערן
פאַרטאָג, וועלן אים איבערלויפן שלעפּערדיק די אויגן פון באַנאַכטיקער קעלט
און אויפקלייבן אויפן פראָסט עמיצנס אַ שוך, אַ שמאַטע צו פאַרבונדן זיך אַ וואונד.

אַ פאַרגעסענער אין דער פרעמד, וועט ער שטיין פאַר ווינטער־פייערן מיט
פאַרשטאַרטע הענט
ביז ס׳וועט אויפטייען די קעלט פון דער הויט און טריפן פויל פון די פינגער.
דער לעבעדיעקר טאַטע וועט אין אַ שטאָט וואו שטרעקן חשונדיק די האַנט צו
דער גאַס
און זיך אָנזוכן אַ שטענדיקע שוועל און אויף דער שוועל שטאַמלען דעם נאָמען פון ווייב.

# מ ע נ ד ז ש ן ס ט ר י ט

„מענדזשן סטריט"

הי איז אויך פאַראַן יונגען אַזעלכע ווי די יונגען אויף דער וואַליע.
כאַטש אין די קליידער זעען זיי אויס ליטיש, ציכטיק און שלאַנק,
אויף די פנימער איידל און האָבן הענט מיט ווייכע גוטע פינגער,
וואָס ווילן זיך שפּילן מיט בורשטינענע פּיסטוילן און נישט מיט נבלות.

יונגען פון מענדזשן סטריט האָבן אַ האַרץ וואָס לוסט צו הרגענען אַ מענטש;
זיי רעדן שטענדיק פון מערדער־בלוט און זענען קלוג צו שטרענגע מונדירן.
אין זייערע טונקעלע שטיבער הענגען נאָך אָפּגעשיילטע בילדער פון איטאַליען
פרעמד איז זיי די מאַמעס אייביקער טרויער, דער טאַטע מיט דער היימישער שפּראַך.

זיי זענען יונגען פון טאַטענס, וואָס ציען אין מאַרגנס צו די באַרטנס מיט אָדערדיקע הענט.
אָדער שטייען נאָס אין אויפגעקאָפּעטע גראָבנס און וואַרפן פון זיך רידלס
טיפע ערד
מיד ווי די טאַטעס, פאַלן די זין לומפּיש אין די קליידער אויפן בעט ניו־יאָרק
פאַרטאָג;
און פון זייער שלאָף בלאָזט זיך שוימיק זויערער ריח פון געהאַלדזטע פרויען.

אַז ס'ווערן אָונטיק די שויבן פון זייערע שטיבער לאָזן זיך די מאַמעס צו דער גאַס
און וואַרפן־איבער רייכע מיסט־קאַסטנס וואו ס'כאַוועט זיך קעץ קלוג אויפן מיסט.
די טעכטער זייערע האָבן אַ שוואַכקייט צו זייד און צו יונגען אַזעלכע ווי
זייערע ברידער,
וואָס קענען זען בלוט פון אַ מערדערס וואונד רינען אין שכרות ניו־יאָרק פאַרטאָג.

**מענטשן וואָס רעדן צו זיך**

אויפן ברעג פון טראָטואַרן גייען זיי אָפּגעזונדערט מיט נאָכגעלאָזטע בליקן
און מיט בינטלעך אונטער די אָרעמס שמייכלען זיי צו די רינשטאָקן;
זיי וואָגלען אום איבער הפקרדיקע הייף און גלעטן קעץ, הינט, אויפן מיסט,
פאַר ליבשאַפט קלייבן זיי פאַר זיי שפּייז און רעדן צו זיי ווי צו מענטשן.

פון שטענדיקן דרויסן זענען די קליידער זייערע פּראַכיק, פאַרברענט פון זון,
די פנימער שטעכיק פון בערד, פון די קאָפּעלושן קריכן אַפיר פאַרלעגענע האָר,
אויף ווילד־האָריקע לייבער טראָגן זיי הוילע בורניסן, אָפּגעריבן אָן קנעפּ
מיט הויכע אָנגעקליבענע קעשענעס — פּודעלעך און נאַרישע שטיקלעך אייזנס.

אויף קילע אונט־טרעפּ פון שטילע קלויסטערס דרימלען זיי מיט אָפענע מיילער
און ס׳פאַרעט פון זיי וואַרעם ראַסטיקער־ריח פון ברוכוואַרג און הינטער הויפן;
זייערע עלבויגנס טראָגן נאָך פאַרוואַקסענע זיגלען פון אָפּגעטער און פאַרליבטע
מיידלעך,
מיט די הויטן צעביסן און מיט צעהאַקטע שלייפן שרעקן זיי אַ לייטישן דורכגייער.

אַמאָל האָבן זייערע אויגן געגלוסט, ווען ס׳האָט געבלוטיקט ס׳ערשטע העמד
אויף אַ פרוי
און נאָכגעגאַנגען דעם ווייב מיט אַ פאַרשלאָפן קינד באַנאַכט פון אַ וויטן קרוב;
איצט גייען זיי אַרום מיטן פּנים צו דער ערד געוועגדט און גאַרנישט וואונדערט זיי
אין שיך מיט אָפענע שנירבענדלעך איינעם אַזאַ, איינעם אַזאַ, און רעדן צו זיך.

באַנאַכט זוכן זיי ס׳ביסל היימלעכקייט באַ אַ שויפענצטער און רעדן צו אַ לאַמטערן.
אַלע טאָג לויפט אויף זיי אויף אַ האַרט געשוואָלענער ברעם אַמאָל בלוט איבערן
געזיכט.
פליגן, וואָס האָבן פיינט זיסקייט און זשומען בלויז אויף פעלן און קרעץ,
שטעלן זיך אָן אויף זייערע וואונדן ווען זיי שלאָפן צעלייגט אין דער אָפענער שטאָט.

נאָבעלע פאַרבייגייער טרעטן געשווינד אָפּ דעם וועג פון זייער שכורן שלעפּ.
ס׳ווייכן פון זיי מיידלעך וואָס זיצן פאַרנאַכטיק אויף טרעפּ מיט לויז־צעקאַמטע האָר
צענומען די פיס, און מיט אַ ברוסטיקן שרינט וואָס בענקט נאָך אַ ראַנדעוואו.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
אַזעלכע שטאַרבן אַמאָל אויף אַ שטאָטישער באַנק אָדער אונטערן קלאַפּ פון אַ שילד.

# מענדושן סטריט

בודאַ אין טשײַנע־טאַון

אויף רוי ברוקירטע שטיינער רירן זיך כינעזער דינהויטיק און געלזיכטיק
מיט קילע אויגן און גלאַט געוואַשענע הענט פון געשירן און גרעט.
מאַמעס מיט הויך פאַרקאַמטע האָר דערמאָנען אַז ס׳איז פאַראַן שטילקייט;
די שטאָפּענע טריט פון זייערע ווייכע מעשטעס וויטיקן נישט די ערד.

באַנאַכט אין טשײַנע־טאַון, צונדן זיך לאַמטערנס דערשראָקן ווי מאַטער זייד.
שכנישע פענצטער דרינגען אין זיך ס׳אינעווייניקסטע ליכט פון טשינג־הייזער
און די וואַרעמקייט פון שטילע לעמפּלאַך, וואָס טריבן פאַרביק אויף אַטלאַס
פון גיישעס, וואָס שפּרייזן מיט רויכערדיקן אָפּיום — נעפּלדיק אַרום בודאַ.

אויף בודאַס שויס זינגען אויסגעטאָנע מיידלעך און קושן זיין פאַרמאַכט מויל
און בודאַ זיצט שטום אין בראָנדז, פאַרשעמט ווי ר׳וואָלט גלוסטן צו זיי;
אים איז היימלעכער ווי יעזוס, ר׳הענגט נישט אויף אַ דרויסנדיקן קלויסטער
און ס׳ווײַנט נישט ס׳בלוט פון אים מיט ווינט, וואָס בלאָזט אַ געהאָנגענעם.

בודאַ בלויט אין ווײַרויך געהאַלדזט פון פרויען אויף אויסגעבעטע טעפּיכער,
ער צעשאָרכט דעם אַטלאַס און פאַרציט הייס די ראַלעטן פון טשינג־הייזער:
פרעמדע געסט זאָלן נעמען דעם גאָב פון באַהעפטונג הינטער זיידענעם פאָרהאַנג.
ווייך אויף פלוש ליגן צערייצטע לייבער מיט טריפנדיקער זרע פאַר בודאַס אויגן.

קוילנברוך

אַז איבער די קוילן מינען גייט אויף אַ מילדע זון
פינצטערט טונקעלער נאָך די הייל
און ס'ווערן שווערער די געפּאַנצערטע לענדן אויף די גרעבער
מיט געגורטע לעמפּ, שטריק מיט העק און סיגנאַל־פּענדלעך
די אויגן געצוימט אין געשליפן גלאָז און אויף די מיילער אָטעמדיקע רערן.

אין אָפּגרונט איז פעלדזנדיק, קיל און טיף.
לאָסטן רירן זיך פון די גריבער מיט פרישן קוילנברוך רוי און גאָלדיק,
קליידער פייכטן מיט אָנגעקלעפּטע שטיקער ערד
און הענט וואַרפן שווייסיק געהאַקטע שטיקער פון גלאַנציקע רידלעס.

שווער און נאָכגעלאָזט טונקעלען ברייטע טריט אויף צעוואָרפענע שטעגן;
פון צוגעוואוינטע לאָמטערנס שווינדלט דער העלער דרויסן פאַר זייערע אויגן.
ס'קומט זיי אַנטקעגן אַ טרויעריק ווייב מיט פולע אויגן פאַרכט,
אַ געגנאַדיק קינד וואָס נעמט אָפּ אַמאָל דעם גרימצאָרן פון אַ פעלדז, —
דעם טויט פון אַ טאַטן וואָס רייסט אים אָפּ און פאַרשיט.

אַז איבער די קוילן מינען גייט אויף אַ לבנה שווייגנדיק.
ווערן טעמפּיקער די שטיבער, שווערער די דילן
אויף די ווענט טרוקענען צעהאָנגענע שיך און טריפן זומפּיק,
באַם אָוונט־ברויט — אַ פאַרנאַכלעסיקטע מאַמע, אַ באָרוועסער טאַטע;
אויפן געלעגער אָטעמט זיין גוף וואָגיק, געשמאַק און האַריק.

איבער זייערע דעכער רוישן וואַלד־ווינטן בלעטערדיק און טרוקן
און שלאָגן זיך אָפּ ווילד אין אַ טיר, אין אַ פענצטער.
אָנגעלאָפענע קעלטן פון ווייסע וועגן ציען דורך צעבראָכענע שויבן
און בייגן אַ נאָפט־פלעמל, פון פלעמל ליכט דורכן פענצטער אין דרויסן
בייגט זיך אַ דורכגייענדיקער שאָטן פון אַ מענטש אויפן וועג צו קוילנברוך.

מענדושן סטריט

לומפּן פּראָלעטאַריער

גרויסשטעטיש גייען זיי אַרום דורך לאַנגע נעכט, דורך שפּעטע ציפּערבלעטער
אין דינע קליידער עלעגאַנט אויף פרעסט, גרינג באַוועגן זיך זייערע אַרעמס ;
די קעפּ הויל מיט ווילדע גזשיוועס, פון די פינגער טליען געשאָנקטע פּאַפּיראָסן
און פון די צונגען רינט זויערער רייץ, זעט צו ווייַנקעלערס און שכרות ;
אָוונטיק אין כסלודיקע ווינטן בלאַנקען זיי אום מיט געאַרעמטע ביכער
די ליפּן פאַרקלעמט אין אַ פרוי און שמעקן דורך די שויפענצטער געקאַכטע קאַווע.

דורך בוידעם־שויבן דרינגט טעמפּיק די לבנה אויף בילדער פון רעוואָלוציאָנערן
אויף אַ צופעליקן קינסטלער און אויף לענין מיט אַ האַרטער פויסט איבער מאָסקווע.
זייערע פענצטער זענען אויפגעלייגט אין פראָסט און שלאָגן מיט פאַרע צו דער זון,
חלבנע ליכט מונטערן אויף די קעלט אין שטוב און די ווענט רינען פעלדזיק.
ס׳טונקעלן צעוואָרפענע געלעגערס פון אַסך נעכטנס אָן ליילעכער, אָן געוואַנטן,
אויסגעמוטשעט און באַפלעקט מיט טרוקענע בלוט־שפּרענקלעך פון פרעמדע ווייבער.

אַרום זיי לאָקערן גרויסע שטעט, ס׳האַלב־נאַכטיקע ליכט פון לאַמטערנס אין גאַס.
הויז־נומערן און דער רויש פון קאַפע־געשיר מיטן הייסן נויג פון אַ יונגפרוי.
און די אויגן זייערע פיבערן מיט אומרואיקן גלוסט, מיט גלאַנץ נאָך אַ ראַנדעוואו ;
קינדער פון זייער פלייש צערן די ברוסט פון פאַרשעמטע מאַמעס, נמאוסדיקע ווייבער.
אין העלן פאַרטאָג קען מען אויף זיי נאָך דערקענען שפּורן פון אַ דרויסנדיק געלעגער,
קעלט אויף אַ פאַרקאַמט געזיכט מיט אַ פאַרשלאָפענער וואונד אויף אַן
אָפּגעדריקטער באַק.

## דיוויזשאָן סטריט

י. ל. טעלערן

קעלערס מיט אָנגעקליבענע סאָרטירטע רעק טריבן פון חלבנע ליכט.
פון די דילן ציט פאַרלעגענער שמאַטע־ריח פון שטויסן געטראָגענע קליידער.
פערד, וועגענער מיט ווייסן שימל אויסגעשפּאַנט אויף אָוונטיקן אַספּאַלט.
און ס׳לייגן זיך היימיש די קעץ אויף קאַלטע שויסן פון דורכגייענדיקע שלעפּערס.

לעם שטילע מויערן רינען אָפּ צעוואונדיקטע מיט פרישן בלוט איטלעכן טאָג;
באַנאַכט שטייען זיי נאַענט זאַלבעצוויי און קוקן זיך וואָרעם אין די אויגן,
זייערע רעקלעך טראָגן אויסגעוואַלגערטע קנייטשן פון קאַסטנס און געזימסן,
די טריט ווייען מיט ראַסט פון שטויביקע שוועלן און נאַכלעסיקע שלעסער.

אויף דער זון שליענטשען נעגערס און פאַרצירעוועין רואיק אויף זיך די קליידער.
נעגערטעס געלעמטע און בלינדע, וואָס האָבן נישט דעם רייץ פאַר אַ לייטישן נעגער,
טראָגן פון זיי באַהעפטונג און פאַרגייען אין שכרות מיט אויסגענאָגטן לייב;
באַטאָג קערן זיי זיך אום מיט צעפאַלענע געזיכטער פאַרקלערטן שווייגן.

אַז ס׳נעמט טונקעלן אַזאַ גאַס ווערן הייס די שוועלן מיט תאוהדיקע לייבער.
מיידלעך, וואָס הויבן ערשט אָן רייפן ראַנגלען זיך מיט גלוסט אויף שויסן,
און מיט אויגן יונגן־גלי שטילן זיי די הענט הינטערן העמד פון אַ יונג.
אַראָפּגעזעצטע שטרויזעק אויף צעהאָנגענע באַלקאָנען אַנטפּלעקן ווילדע נעכט.

קעלערס מיט אָנגעקליבענע סאָרטירטע רעק טריבן פון חלבנע ליכט.
אין די שויפענצטער ליגן אויסגעדינטע מונדירן פון באַפעדערטע זעלנערס,
קאַלטע פעלד־פלאַשן און אַלטע ביקסן דערציילן פון צעשאָסענע פעלדער
און אויף די פעלדער זינקען שטעכיקע דראָטן, אָפּגעריסענע קעפּ און פאַרשאָטענע אויגן.

### שפּיטאָל

אַ הויז מיט הויכע מויערן
אַ סאָד מיט שווערע צווייגן פּירות,
באַם טויער אַ שטילער שומר
שלאַפע מענטשן קוקן דורך די שויבן.

ס׳שמעקט פון מאַשטשן און מעדיצינען
ווייסע שוועסטער איבערפרישן די בעטן;
אַ געווינערן שרייט דורך פאַרמאַכטע טירן.
דאָקטוירים היילן זאָגן נישט ווער ס׳האַלט באַם שטאַרבן.

באַנאַכט אין איטלעכן קאַמער ברענט אַ נאַכט־לעמפּל,
ס׳גייען אַרום וועכטערס האָרכן צו יעדן קראַנקן;
די טויטע וויקלען זיי איין אין אַ שטיל ליילעך
און צומאָרגנס איז אין בעט קיין שפּור נישטאָ אַז ס׳איז אַ מענטש געשטאָרבן.

ב ר ו כ ו ו אַ ר ג

## I AM BLIND

טוסט גוט וואָס דו טראָגסט אויפן שטערן אַ שילדל אַז ביסט בלינד.
אַז נישט וואָלטן מענטשן געמיינט אַז דו נאַרסט זיי מיט די אָפענע אויגן.
ביסט אַ בלינדער, וואוגלסט אויף עוועניוס מיט בלינדע אָפענע אויגן
מיט אַ קופערנער פושקע און מיט אַ קיישל שניר־בענדלעך אויפן אָרים.

קלאַפּסט מיטן שטעקן אויף טראָטואַרן זעענדיקע זאָלן דיך נישט פאַרזען
און באַ דער האַנט, וואָס קען דערפילן דעם ווערט פון אַ בלינדער מטבע,
נעמט דיך אַמאָל אַן אַ קינד פון גאַס און פירט דיך איבערן וועג.

מ׳דאַרף זיין קלוג צו זיין אַ בלינדער אין אַזאַ שטאָט ניו יאָרק
צו קענען פון אויסנווייניק אַזויפיל וועגן, ווי אַ זעענדיקער מענטש,
און אַרומגיין בעטלען דורך דער לענג פון אַ לויפנדיקער סאָבוויי.

די, וואָס זענען נישט קלוג און האָבן נישט ווער ס׳זאָל זיי פירן
מוזן שטיין אויף אַ שטענדיק אָרט מיט אַן אויסגעשטרעקטן טעלער
און זיך לערנען צו קענען שפּילן אויף אַ האַרמאָניק אַ טרויעריקן ניגון.

**ברוכוואַרג**

וואָרעמער ברוכוואַרג ראַסטיקט אויף זוניקע פעלדער פון אָפּגעשטאָנענער ערד.
און צום הייסן ראָסט בויגן זיך פאַרטאָען שווייגנדיקע אייזן־קלויבערס
אָנגעלענט מיט האַרטע זעק און ס׳רייסן זיך די הענט אונטער שאַרפן בלעך;
זשאַווערדיקע שניט צעפּאַדערן זייערע פינגער און ס׳געלן די הענט פון פראָך
און אויף די קליידער גרינט שטילער מאָך, אויף די קעלנער אָפּגעטראָגענער גלאַנץ.

אומעטום וואו ס׳ליגט אָנגעוואָרפענער ברוכוואַרג וואַקסן גראָזן הויך און ווילד.
נאָס צעקריכן זיך פוילע שלאַנגען אונטער טריט אין אַ רעגנדיקן טאָג.
פעסט אין דער ערד זונקט אַן אָפּגעריסן שטיק לאַסט־וואַגאָן, אַ צעבויגענע שילד
און אַ פאַרנאַכלעסיקטער אָפּגאָט, וואָס וועקט נישט מער ס׳אויג פון אַ דורכגייער
נאָר אַ זעלטענע תפילה פון אַ שכן ווען ס׳שטאַרבט באַ אים אָפּ אַ קינד.

אויף אַזוינע פעלדער קרייזן אום נעגערישע מאַמעס, ייִנגלעך און נאַרישע טאַטעס
געבויגן אין האַרבסט, אין פראָסט און אין זומער קעגן תמוזדיקער זון;
פאַרנאַכט שמעקן זייערע הענט, זייערע טריט, ווי שטויב נאָך זומערדיקן רעגן
און די שיך מיט צעטראָטענעם ריח פון קוילן־גריז, גלאָז און ווילדע שטיינער
פון די ליפּן רינט אָפּ שווערע סלונע, קלעפּעכצדיקער שוים און שטילע רייד.

פערד אין מאָגערע פעלן ציען אַלטוואַרג מיט אָנגעשטרענגטן שפּאַן אין שקיעה.
קלויבערס אויף די פורן סאָרטירן דעם ברוכוואַרג אין אומגעלומפּערטע שטויסן,
אָנגעוואָרפענע דראָט־בינטן ליגן געפּרעסט און הויך, און ס׳קריפּען זשאַווערדיק
נאָך די רעדער גייען נאָך לאַנגזאַם שטויביקע שיך, אַראָפּגעלאָזטע הענט
און הויבן אויף אַ נאָגל, אַ שרויף, וואָס צעפּאַלט נאָכן טרעש פון האַרטע רעדער.

באַנאַכט ווערן די חורבות פון ברוכוואַרג אָוונטיק ווי פעלד, ווי וואַלד,
שטיקלעך וואָס האָבן אין זיך נאָך אַ בליאַסק רייסן זיך קיל צו דער לבנה.
מ׳קען נאָך אָנטאַפּן אַ פאַרגעסענעם זאַק, אַ וויכטיק שטיקל אייזן פון אַ קלויבער
אָדער פאַרבייגיין אַ קלוג־געלעגער אויסגעבעט פון אַ פאַרבליבענעם מענטש,
וואָס קוקט איבער זיינע קליידער, פאַרריכט זיך אַ העמד, אַ שיך, אויף אײַנדערפרי.

שטיבלעך פון קלויבערס שטייען פאַרשלאָגן מיט אַ געפונען ברעט, מיט אַ פרעמדער טיר
אויף די דעכלעך פון אָנגעקליבענעם בלעך ליגט ס׳ברייטע ליכט פון סוף חודש־נאַכט.
אויסגעטרוקנטע גופים פון דורכגענומענעם ראָסט זוכן נאַכט אויף קאַלטער ערד;
קאַלירטע שויבן פון נאַבעלע שכנים מאַכן הימלעך זייערע אויגן, זייערע נעכט,
און פון די ליפּן רינט אָפּ שווערע סלונע, קלעפּעכצדיקער שוים און שטילע רייד.

### גאַסן־שפּילער

נאַריש אַזוי פרום זיך אַוועקצושטעלן מיט אַ פידל אויף בראָדוועי.
בראָדוועי האָט פיינט אַזאַ טרויעריקן גאַסן־שפּילער ווי דו.
דאָ, פאַלן דיינע טענער אונטער גרינגע טריט פון זילבערנע שיך
און ווערן פאַרווישט אין זיידענעם שאָרך פון עלעגאַנטע פרויען.

לאָז דאָס אָרט פאַר אַזעלכע, וואָס פאָרן אַרום מיט שפּיל־קאַסטנס;
זיי האָבן געלעמטע וויבער וואָס דרייען געלעמט די קאַטערינקעס,
מ׳קען ציען באַ זיי קוויטלעך, וואָס זאָגן פאָרויס דעם מענטשנס מזל
און ס׳גייט אַרום אַ טרויעריקער ציען דעם קאַפּעליוש פאַר געוועלבן.

דו אָבער מיטן ברייטן קראַוואַט און מיט די לאַנגע האָר אין ווינט
און מיט דער צעקנייטשטער אַלטקייט אין שוואַרצן אייראָפּייאישן פראַק,
אַז דו שטייסט ערנסט מיטן פידל געבויגן דערמאָנסטו אין בעטהאָוון;
פאַר אַזעלכע פאַסט צו שטיין אין ווין ערגעץ באַם דאָנוי
און ערשט דאָרט... ווערסטו זיין אַ וואונדער.

# מענדושן סטריט

## וואַגאַבונדן

זיי זענען וואַגאַבונדישע טאַטעס
מאַנסבילן פון הפקרדיקע ווייבער;
גייען זיי אַרום צעקנעפּלט מיט הוילע בייכער
די שיך מיט שטריק צו די קנאַכנס געבונדן.

מיט צעקנייטשטע קליידער און ביינערדיקע געזיכטער
מיט צעפליקטע העמדער און האַריקע ברוסטן
מיט צעשטאָכענע קעפּ און פאַרבלוטיקטע פּנימער.
גייען זיי דורך ווינטן, זאַווערוכעס און רעגנס

אויף קוואַרטאַלן, שטייען זיי אין די ווינקלען פון די גאַסן צעשטעלט
און שטרעקן הענט מיט צעקאַליעטשעטע פינגער, צעשניטענע אָדערן;
זיי בעטן אַ ציגאַרעטל פון לייטישע מענטשן, אַ פּריטה אויף אַ טעפּל קאַווע.
און אויף אַלטע, צעפאַלענע מויערן שלאָפן זיי געשמאַק אַדורך די נעכט.

ב ר ו כ ו ו אַ ר ג

## ניו יאָרק אומעטום

בריקן הענגען אָנגעצויגן מיט קילן שרעק אויף שטאָלענע שטריק.
צעהייצטע שיפלעך באַ די ברעגן שטייגן מיט צעפּאָלענעם רויך
אַמאָל צו אַ בראַנדיקער זון, אַמאָל צו אַ פּראַסטיקער לבנה,
און שלאָגן אויס מיט הויכן נעפּל איבער מאַנהעטן.
ניו יאָרק הויבט אָן טריבן און ס׳פּיכט די שטאָט ווי לאָנדן.

זומערדיקע דעכער טונקעלן פּאַרנע און ס׳גלוטיקן לייבער אויף שוועלן.
רינשטאָקן פון אָפּגעקילטע טראָטואַרן וואַסערן מיסטיק, שוימיק און שנעל.
און דורך דושנע שויבן צעפּאָלן געזיכטער מיט איבערלאָפּענעם שוויס,
קינדער ליגן הייס צעבונדן אין ווינדעלעך און פּייניקן די מאַמעס בריסט.

די שטאָט רוישט קלאַפּטערדיק ווי באַנען דורך וואַלד שטרעקעס.
ברייטע רעדער הויבן דעם גאַז־ריח פון שטראָזן,
טריט טאָפּיען לויזלעך אין צעלאָזענעם פּעך אין אַ זומער טאָג
און לאָזן נאָך זיך אויפגעבלאָזענע סמנים פון פּיס.

גוים מיט דורכגעשוויצטע העמדער צוימען דעם שפּאַן פון לאַסט־פערד,
און פון די וועגענער שווערן אַראָפּ באַלן, געהילץ און פעסער.
נעגערס שטעלן אָן אַקסלען נאָך מעל־זעק, נאָך געשונדענע פליישן;
און ס׳שמעקט פון זיי אַסך ריחות, בשמים, נאַפט און וואַל־שטאָפּן.

דאַמען אויף עלעגאַנטע עווענױס ציען דורך זומערדיקע אויסלאָגן
מיט שירעמלעך און לייכטע טעשלעך אויף נאָבעלע עלבויגנס,
דורך די בלוזעס אָטעמט קילער פּערפום פון הוילע בריסט.
סוחרים און שאַפערן שטרויכלען ס׳געיעג פון אויסלענדישע רייזנדערס.

* * *

גאַסן אונטער שינעס, אונטער אייזן־בעטאָן, ליגן שטאָליק האַרט.
פון שווערקייט רירט אַמאָל די ערד פון אונטער די פיס.
הייזער גריכן אָנגעשפּיצט מיט פייכטן ליכט אין דער נאַכט;
באַטאָג בלאַנקען אויף זיי קופּאָלן פריש ווי זילבער־בלענד
און צעשפּריצן די זון אין אויגן און אין שויפענצטער.

פאַבריק קוימענס שטאַרן פאַרברענט מיט פאַררויכערטע שפּיצן צווישן דעכער.
הייצערס אין דער זון קלעטערן גרינג מיט אייל־קענדלעך אין די הענט,
און אין די פאַבריקן לויפן ווינטיקע רימענס אָנגעוואַקסן מיט ווילד־שטויב,
רעדער יאָגן פריש אויף אויסגעאוילטע אַקסן און רינען אויס מיט בוימל.

ס׳שמעקט וואַרעמער אַפּפאַל פון קליידער־שטאָפן, דאַמף פון פּרעס־אייזנס,
אָרעמס שווימען אַפּ האַריק, און פינגער דורך לייוונט ציען קילע שטעך.
דערשראָקענע געזיכטער בלייכן אין שטאָל און בלאַנקען מיט קאַלטן גלאַנץ,
און בוזימס פאַר זויגנדיקע קינדער שפּאַרן מיט אָפענע וואָרצלען אויף מאַשינען.

פון נאָענטן ליכט לייגן זיך וויעס אין קנייטשן מיט ווייכן געשווילעכץ
אַנטקעגנדיקע פענצטער שטייען זומערדיק אָפן און לאָקערן מיט העלער בענקשאַפט,
הייסע שקיעה אויף די שויבן וועקט לוסט צו דער גאַס, צו אַ קינד אין שטוב.
און נידעריקע וואָלקנס אין דער ווייט גליען דורכזיכטיק ווי שטיקער פעלדזן.

* * *

גראָב־מאַשינען שטויסן זיך אַן אין פונקען און קרישלען מיט נאַסע ערד.
וואַלצן פון שוואַרצן שטאָל נידערן זומפּיק אונטער ריטמישע קלעפּ,
נאָך איטלעכן שטויס שלאָגט צוריק אַן אָפּגעשפּרונגענער עכאָ
און אין אָפּגרונט פלאַצן די קוואַלן, הענט שטויבן פון ראָסט און צעמענט.

לופטציגער יאָגן אַרויף מיט ברעטער, געזימסן און מיט זעקלעך צעמענט
און גראָבע הענט וואַרפן זיך פלינק אַדורך מיט גליענדיקע ניטן,
שטריק ציען עמערס געלאָשענעם קאַלעך, שאָטער און געהאַקטע ציגל,
רויע מויערן טונקעלן קיל פון פרישן אייזן, פון קאַלעך און געשיילטע ברעטער.

אוונטן זידן אין הייסע קעסלען פעך, פּנימער נעמען אַן ס׳ליכט פון לאָמפּן.
לענדן, געגורטן אין דראָטן זונקען אין גראָבנס מיט געפּאַנצערטע אויגן.
אין די טונעלן שפּאַלטן זיך רערן אונטער גלי און שפּרינגען אָפּ מיט היץ.
און פלאָטערדיקע סמאָלע מיט גאַז־פלעשער בליצן אויף אין שנעלן ליכט־בלענד.

* * *

**אַז די רינשטאָקן שאַרכן מיט פאַלנדיקע בלעטער און שמעקן מיט סכאַך־ריח;
בויגן זיך פלאַמען פון ווינטן צו ייִנגלישע געזיכטער אויף אָונטיקע ראָגן,
ס׳וואַרעמען זיך בעטלער פון באַטאָג, שכורים פאַרריכטן זיך די וואונדן;
דורך זייערע זומער קליידער בלאָזט פראָסטיק טרונקענער קעלט.**

באַהויכטע אויסלאַגן פאַרלויפן מיט דינעם פראָסט און בייטן זיך אין ווייסע ביימער.
די שטראָזן ליגן קאַלט און הימלעך אין דער קעלט פלאַטערן שאַלן וואַלנדיק אויף גליטש.

מיידלשע פיס רוישן שלאַנק מיט ליזשבעס און טראָגן זיך יונג איבער אייז;
זייערע פּנימער הייס און גרינג יאָגן מיט צעהיצטע בריסט פון אויפגעבלאָזענע בלוזעס,
ווינטן שאַרפן זייערע אָפענע קני און פון זייער אָטעם שמעקט פראָסט און גליטש.

פון דעכער שווינדלען רעקלאַמען מיט וואַרעמע ליכט־פאַרבן אויף גאַסן־פּנימער,
שפּעטע טראַמווייען רוישן מיט ריינעם קלאַנג און מיט אומהיימלעכן ליכט.
אויסגעשטייגטע בלאָנדזשען איבער עוועניוס מיט אַ גאַסן־נומער אין די פינגער.
פון אַן ערגעצדיקן ראָג ראַטשקעט נאָך אַן אינוואַליד אויף קני צו אַ נאַכט־לוזשי
און נאָך אים אַ געלערנטער הונט, אַ שפּילקאַסטן אויף אַ בלינד ווייב.

אויף אָונטיקע שוועלן ליגן שווערע שכורים מיט בראָמפן צעגאָסענע ליפּן.
געהאָרכזאַמע נעגערס שלאָפן אונטער איבערצויגענע־רעקלעך געשמאַק אויף געזימסן;
קעלטן קאָרטשען זייערע קני און די אָדערן שווידערן אויף מיט נאַסן קראַמף.
די אין לייכטע קליידער, אין אָפענע העמדער, וואַרעמען איינער דעם אַנדערן,
וואַרפן זיך געהאַלדזטע ענגער צום צווייטן און שלאָפן איין ווי אויף גלוסט.

אָפּגעשלאָסענע סקלאַדן שטייען אָנגעוואָרפן מיט האַלב אויסגעלאָדענע סחורות
און אויף אַ טיש וואו ליגט נאָך וועמענס אַן איבערגעלאָזט רעקל, אַ לעדערן פאַרטוך,
קאַסטנס שטייען אויפגעבראָכן און צענאָגלט און באַלן געעפנט מיט צעפּאַלענע רייפן.
לאָדנס פון מאַגאַזין־פענצטער הענגען אין שרעק פאַרשפּאַרט מיט ראָסטיקער קעלט.

אין קעלט יעמערן קעץ מיט גרינלעך הייסע אויגן און פּאָרן זיך ווילד אויף טראָטואַר;
שרעק פון אַ דורכגייער, פון אַ שילד אין ווינט, רייסט איבער זייער באַהעפטונג.
אין אַזעלכע גאַסן פאַרוואַלגערט זיך שטענדיק אַ יונג מיט אַן אָפּגעקילטער פרוי;
זאָט פון לייב, זאַט פון ווינקעלערס, גייען זיי פאַרשלעפּטע, אָפּגעזונדערט אָן רייד.
**בעזימער רירן דעם פראָסט פון פאַרטאָג, און אויף די שוועלן טאָגן מילעך־פלעשער.**

פון טיפער חברשאַפט דאַנק איך
די חברים־דיכטער פאַר זייער זעלטענער
אַנשטרענגונג אַרויסצוגעבן דאָס בוך
ב. וו.

פון זעלבן שרייבער וועט באַלד דערשיינען די פּאָעמע:
„דאָס סטאָליער יינגל" (ישו הנוצרי)